מ. װײנגער:

# יודישער סינטאקסיס

װארשא.

ISBN:0-657-12235-1





מ. וויינגער.



# יודישער סינטאקסיס

װארשא.

# אינהאַלט.

זייט

## אינהאַלט.

# פָאררעדע.

פֿרויסגעבענדיג דעם „יודישען סינטאַקסיס" מוז איך צום גוטען דערמאַנען יענעם קרייז פֿון לעהרער און חברים. וואָס האָבען מיר געגעבען די טייַלווייַזע מאַטעריאַלע מעגליכקייט אַרויסצוגעבען דאָס בוך. א דאַנק קומט זיי אויך פֿאַר זייערע רעדאַקציאָנעלע בעמערקונגען.

דעם אַלטען אַלף־בית און אויסלייגונג האָב איך אָבגעהיט. פֿערשטעהט זיך, בלויז איבער פֿערלעגערישע טעמים.

מ. ווייננער.

פֿערקירצונגען.

א. = שלום אַש

ד. = דינעזאָן.

וו. = ווייסענבערג.

מ. מ. ס. = מענדעלי מוכר ספרים.

נ. = נאָמבערג.

פּ. = פּרץ.

פר. = פרוג.

ר. = רייזען.

מ. ר. = מאָריץ ראָזענפֿעלד.

ש. ע. = שלום עליכם.

שפּר. = שפּרינוואָרט.



# גראַמאַטיק: עטימאָלאָגיע און סינטאַקסיס.

§ 1. גראַמאַטיק, דאָס איז די לערע וועגן דעם, וואָס פאַר קלאַנגען און פאָרמען די שפּראַך האָט, ווי אַזוי די ווערטער ווערן פאַראייניגט צווישען זיך.

גראַמאַטיק בעשטעהט פון צוויי טיילען: עטימאָלאָגיע און סינטאַקסיס.

עטימאָלאָגיע לערנט אונז, וואָס פאַר קלאַנגען און פאָרמען די שפּראַך האָט, כּדי אויסצודריקען איינצעלנע בעגריפען.

סינטאַקסיס ווייזט אונז, ווי אַזוי ווערטער ווערען פאַראייניגט אין זאַצען, און ווי אַזוי איינפאַכע זאַצען שטעלען צונויף אַ צוזאַמענגעזעצטען זאַץ. דער הויפּט־צוועק פון סינטאַקסיס איז צו ווייזען, ווי אַזוי אַ שפּראַך דריקט אויס געדאַנקען.

ווייל דער סינטאַקסיס דערצעהלט אונז, ווי אַזוי ס'ווערען געבילדעט איינפאַכע און ווי אַזוי צוזאַמענגעזעצטע זאַצען, בעשטעהט ער פון צוויי טיילען: סינטאַקסיס פון איינפאַכען זאַץ און סינטאַקסיס פון צוזאַמענגעזעצטען זאַץ.

---

## סינטאַקסיס פונ'ם איינפאַכען זאַץ.

### געדאַנק. זאַץ. הויפּט־גלידער פונ'ם זאַץ.

§ 2. אַלץ, וואָס מיר טראַכטען וועגען אַ זאַך, הייסט געדאַנק. אויב מיר זאָגען אונזער געדאַנק אַרויס מיט דער הילף פון ווערטער, האָבען מיר אַ זאַץ. יעדעס וואָרט אין זאַץ הייסט זאַץ־גליד. אין יעדען זאַץ מוז זיין אַ הויפּט־זאַך, וועגען וועלכער מיר רעדען, און ס'מוז זיין עפּעס, וואָס מיר זאָגען וועגען דער זאַך. די הויפּט־זאַך, וועגען וועלכער מיר רעדען אין זאַץ, הייסט זאַך־וואָרט. דאָס, וואָס ווערט געזאָגט וועגען דעם זאַך־וואָרט, הייסט זאָג־וואָרט. אָהנעם זאַך־וואָרט אָדער אָהנעם זאָג־וואָרט קען קיין זאַץ ניט זיין. דערפאַר הייסען דאָס זאַך־וואָרט מיט'ן זאָג־וואָרט — הויפּט־גלידער פונ'ם זאַץ.

## זאַך־וואָרט און זײַן אויסדריקונג.

§ 3. דאָס זאַך־וואָרט שטעהט שטענדיג אין נאָמינאַטיוו. כּדי צו געפֿינען דאָס זאַך־וואָרט, מוז מען צום זאָג־וואָרט צוגעבען די פֿראַגע ווער? אָדער וואָס? און אָבזוכען אַ וואָרט, וואָס ענטפֿערט אויף איינער פֿון די דאָזיגע פֿראַגען. צ. ב., אין זאַץ: ס׳פֿאַלט אויף מיר אַן אַ פּחד. (פּ.) איז די הויפּט־זאַך, וועגען וועלכער מיר רעדען, „אַ פּחד". דאָס דאָזיגע הויפּט־וואָרט שטעהט אין נאָמינאַטיוו און ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע: וואָס איז אָנגעפֿאַלען? דאָס איז דאָס זאַך־וואָרט פֿון אונזער זאַץ.

דאָס זאַך־וואָרט ווערט אויסגעדריקט דורכ׳ן:

1) הויפּטוואָרט.

הינטער דער שטאָט שטעהט אַ וועלדעל. (פּ.). דאָס האַרץ איז אַזוי גוט. (שפּר.). דער כּעס איז אַ נאַר. (שפּר.). דער רב איז אין שטוב אַרײַן. (א.).

דאָס הויפּט־וואָרט איז דאָס געוועהנליכע מיטעל אויסצודריקען דאָס זאַך־וואָרט. אַלס זאַך־וואָרט קען אָבער אויך געבּרויכט ווערען יעדער אַנדערער רעד־טייל, וואָס שטעהט אין זינען פֿונ׳ם הויפּט־וואָרט. דאָס זאַך־וואָרט קען נאָך אויסגעדריקט ווערען דורכ׳ן:

2) נאָמענוואָרט.

ער האָט המנ׳ס מפּלה. (שפּר.). ער האָט יתרו׳ס געסען. (שפּר.). און זיי לערנען שוין קבּלה אַ צײַט. (פּ.).

3) אייגענשאַפֿט־וואָרט.

דער בעקאַנטער האָט ניט געוואָלט עסען. (וו.). די לויפֿט מויבע און ברעכט זיך די הענד. (פּ.). דאָ ליגען די גוטע, דאָ ליגען די שלעכטע... (ס. ר.).

4) מיטעלוואָרט.

דער געשטאָרבענער איז געווען אַנ׳ערליכער ייד. (פּ.).

5) צאָהלוואָרט.

דרײַ זענען געשטאָרבען אָהן אַ דאָקטאָר, אָהן אַ רעצעפּט. (פּ.). הונדערט און הונדערט מיט איינס איז אַלץ איינס. (שפּר.). איינער האָט געהייסען בערעל און דער צווייטער שמר׳על. (וו.).

6) צײַט־וואָרט אין דער אונבעשטימטער פֿאָרם.

ליידען און באָרגען מאַכען גרויסע זאָרגען. (שפּר.). דערנאָך הויבט זיך אָן ... דאָס לאַנגווײַליגען זיך אין חדר. (נ.). אַ קוגל איז צו קויפֿען.

סחורה און צו האָבען קינדער; נאָך אַ גרעסערער קונץ איז סחורה צו פֿער־קויפֿען און קינדער מגדל צו זײַן. (שפר.). ראבטשיקען איז נמאס געוואָרען דאָס געוונר זײַן, דאָס ארומוואַנדערן... (ש. ע.).

7) געבױגענעם רעד־טײל.

בעסער האָט גאָר קײן שיעור ניט. (שפר.). „טאָמער" איז אַ יודענע, (שפר.). פֿון צװײטען צימער האָט זיך געהערט דעם זײַנערס אײַנזאַמער טיק־טאַק. (וו.).

8) גאַנצען אויסדריק אָדער זאַץ.

די „שנים אוחזין בטלית" זענען פֿאַר מיר ניט קײן מענטשען פֿון גאַס (פּ.). פֿײַנעם פֿיש־קאָכען האָט געהאַט אַ שם אין שטעטעל. (ש. ע.).

## דאָס זאָג־װאָרט.

§ 4. דאָס זאָג־װאָרט ענטפֿערט אויף די פֿראַגען: װאָס טוט די זאַך? װאָס װערט מיט דער זאַך געטאָן? װאָס איז די זאַך? װאָסערע איז די זאַך? אין זאַץ: הינטער דעם שטעטעל שטעהט אַ װעלדעל (פּ.). װערט װעגען דעם „װעלדעל" געזאָגט, אַז ס'„שטעהט". „שטעהט" ענטפֿערט אויף דער פֿראַגע: װאָס טוט עס? דאָס איז דאָס זאָג־װאָרט פֿון אונזער זאַץ.

דאָס זאָג־װאָרט קען זײַן אײַנפֿאַך, אויב ס'איז אויסגעדריקט מיט אַ צײַט־װאָרט (די פּאַסיװע פֿאָרם איז אַ צוזאַמענגעזעצט זאָג־װאָרט), און צוזאַמענגעזעצט, אויב ס'איז אויסגעדריקט מיט אַ צײַטװאָרט און נאָך אַנ'אַנדער רעד־טײל.

## דאָס אײַנפֿאַכע זאָג־װאָרט.

§ 5. דאָס אײַנפֿאַכע זאָג־װאָרט װערט אויסגעדריקט דורכ'ן צײַט־װאָרט. דערבײַ קען דאָס צײַטװאָרט שטעהן און דער יעצטיגקײַט, פֿער־גאַנגענהײַט און קומענהײַט פֿון 1) דער פֿאַקטישער פֿאָרם, 2) דער פֿאָרויסגעלײגטער פֿאָרם, 3) דער בעפֿעהלענדער פֿאָרם.

עס טראָגען זיך צונויפֿגעמישטע, האַרצרײַסענדע קולות. (וו.). דבורת טראָגט איהם אונטער אַ האַנטאַך. וו. און דערמאָלט האָט מאָניש אלס עלוי געשמ'ט (פּ.). אַז איך װאָלט געהאַט דעם מלכ'ס אוצרות... (פֿאלק.-ליד). חוליעט, חוליעט, בײזע װינדען! (ר.). איך װאָלט עס דיר גערן דערצעהלען. (ר.) די שענסטע געפֿיהלען אין האַרצען בעהאַלט. (ר.). באַלד האָט דער רבי זײַן תפלה געענדיגט. (א.). מע האָט די פֿערד אויסגעשפּאַנט. (א.).

## בעדייַטונג פֿון פֿאָרמען.

§ 6. די פֿאָרם פֿון צייַטוואָרט ווייַזט געוועהנליך אָן, ווי אַזוי דער ווילען און דער פֿערשטאַנד פֿונ'ם מענטשען בעציהט זיך צו דער טואונג אָדער צושטאַנד. ד. ה., דער מענטש רעכענט די טואונג פֿאַר אַ ווירקליכע, אָדער ער מיינט, אַז די טואונג וואָלט ערשט געקענט פֿער-ווירקליכט ווערען; אָדער ער דריקט אויס זיין שטאַרקען ווילען, די טואונג אָדער צושטאַנד זאָלען פֿאָרקומען. די פֿאַקטישע פֿאָרם ווייַזט, אַז די טואונג אָדער צושטאַנד, וועגען וועלכע מיר רעדען, האָט אַנ'אָרט אין דער ווירקליכקייַט.

די שול האָט געפּאַקערט. (א.). אין שטוב געפֿינט זיך אַרעמע קינדער. (א.). ער וועט געוואויר ווערען. (פּ.).

די פֿאָרויסגעלייגטע פֿאָרם ווייַזט אָן, אַז די טואונג אָדער צושטאַנד קענען פֿערווירקליכט ווערען נאָר בייַ געוויסע בעדינגונגען.

אויף די גלייכע וועגנט וואָלט ער געקראָכען. (ר.). אין אַפּאָר שעה אַרום וואָלט פֿונם האָלץ אַלעק ניט געבליבען. (א.).

די בעפֿעהלענדע ווייַזט דעם בעפֿעהל אָדער דעם וואונש אויסצו-פֿיהרען די טואונג.

פֿרעג מיך, הערשעלע, פֿיער קשיות. (ם. מ. ס.). בלייַבט געזונד און לערנט מיט חשק. (א.). „זייַדעשי, זאָל דער זייַדעשי פֿאָהרען געזונטערהייַד!" (א.).

## בעדייַטונג פֿון צייַטען.

§ 7. די צייַט ווייַזט די בעציהונג פֿון דער טואונג אָדער צושטאַנד צום מאָמענט פֿון רעדען. אויב די טואונג איז פֿאָרגעקומען איידער מיר רעדען וועגען איהר, האָבען מיר די פֿערגאַנגענע צייַט.

פֿון יענער צייַט זענען איבערגעגאַנגען פֿינף יאָהר. (ש. ע.). סאַמע אין מיטען שטאָט, אין דער רעכטער בלאָטע האָבען זיך בעגעגענט צוויי מיידלעך (ש. ע.). אין הימעל איז געוואָרען אַ גרויסע שמחה. (פּ.). און דער מלך פֿון דער מדינה איז געוועזען זעהר אַ קלוגער שופֿט. (פּ.).

אויב די טואונג קומט פֿאָר דעמאָלט, ווען מיר רעדען וועגען איהר, איז עס די יעצטיגע צייַט.

עס שטעהט פֿאַר דיר דאָרט אַ וואַלד. (ם. מ. ס.). אַ ביטער געשריי טראָגט זיך ווייַט אין דער טיפֿער שטילקייַט פֿון דער נאַכט. (ם. מ. ס.). און דער שטוב בייַם רב יחזקאל'ען איז יעצט שטיל. (א.) דאָס וואַסער דאַרף

יעדעס יאהר אמענטש, (א.). דער לאנגער טיש אין מיטען דער שטוב איז בעשריבען מיט קרייד, דער שווארצער אויוון איז בעשריבען, די הויכע שאנק איז בעשריבען... (א.).

אויב די טואונג וועט פארקומען נאך דעם, ווי מיר רעדען וועגען איהר, איז עס די קומענדיגע צייט.

און וועט אגעוויסער קומען, וועט איהם דאס וואסער פון קבר ארויסנעהמען און מיטפיהרען מיט זיך קיין דאנציג. (א.). אז דאס אמז וועט אנהייבען ריהרען וועט עס דאס געהילץ, ווי אפעדערל, מיטגעהמען. (א.).

## בעזונדערקייטען אין געברויך פון פארמען און צייטען.

ס'טרעפט זיך, אז פארמען ווערען געברויכט איינע אנשטאט דער אנדערער, ניט אין זייער אייגענטליכער בעדייטונג.

1) אנשטאט דער פארויסגעלייגטער ווערט געברויכט די פאקטישע פארם מיט'ן אומשטאנד-ווארט ווען אדער אנדערע.

ווען איך בין ראטשילד, אוי ווען איך בין ראטשילד, טרעפט, וואס איך טו? (ש. ע.). און פון יענער זייט פארהאנג הערט זיך קרעכצען, גלייך עמיץ געהט דארט צו קינד. (פ.).

2) אנשטאט דער פאקטישער די בעפעהלענדע.

ווייז אהונד אפינגער, וויל ער די גאנצע האנד. (שפר.). איין טאטע צעהן קינדער דערנעהר, און צעהן קינדער איין טאטען איז שווער. (שפר.). לאז איינער אזעלכער זיך איהר נאר אווייז טאן, האפט זי איהם ביי דער גאו. (מ. מ. ס.).

3) אנשטאט דער בעפעהלענדער — די אונבעשטימטע.

אויפשטעהן! שווייגען! — נאכדעם האט ער הויך געקאמאנדעוועט: „צו האלטען ווי מע'בעדארף די פענעס! צו טונקען!“ (מ. מ. ס.).

צייטען ווערען אויך געברויכט איינע אנשטאט דער צווייטער.

1) די יעצטיגע ווערט געברויכט אנשטאט דער פערגאנגענער דעמאלט, ווען מע וויל לעבעדיגער פארשטעלען די טואונג.

גראד דעמאלט בעדארף זיך מאכען, קומט צו אונז מיט אוויזיט הער צעמפעל מיט דער פרוי און מיט די טעכטער, תאפסטו, ניט היינט געדאכט, דעם צעבער, טראגסט איהם געשווינד אין זאל אריין, שטעלסט איהם אנידער פאר די געסט און מאכסט צו זיי אויף קיהיש צו עסען פאלאווע. (מ. מ. ס.).

2) די יעצטיגע אַנשטאַט דער קומענדיגער, ווען מיר ווייסען זי־כער, אַז די טואונג אָדער צושטאַנד וועט געוויס פֿאָרקומען.

און לאָסטו איהם וואַקסען, לאָסטו איהם פֿריי, דאַן ביסטו, הלילה, הוד מלכות, פֿערביי. (פ.). אַט פֿאַלט פֿונ'ם הימעל אַ ליכטיגער שטערען, אַט וועט אין גיהנם אַ שמחה שוין ווערען. (פ.). די ערד שטעהט הויל און נאַקעט באַלד. (ס. ר.).

3) ווען איין פֿאָראויסגעלייגטע פֿאָרם איז פֿאָרגעקומען פֿאַר דער צווייטער פֿאָרויסגעלייגטער, ווערט די פֿריהעריגע אויסגעדריקט דורך דער לאַנג־פֿערגאַנגענער צייט פֿון דער פֿאָרויסגעלייגטער פֿאָרם [1].

מיר וואָלטען אַזוי געלעגען אַ גאַנצען טאָג, ס'זאָל זיך ניט געוועזען אויפֿחאַפּען איינער־מיט אַ געשריי: פלשתים פלשתים! (ש. ע.). ירמיה זאָל ניט געוועזען שטאַרבען, וואָלט ער אָנגעשלאָגען דעם שדוך. (פ.). ווען איך זאָל, ווי פֿריהער, געוועזען זיצען טאָג און נאַכט פֿערשפּאַרט ביי מיר אין צימער איבער מיינע ביכער, וואָלט איך אפֿשר די לאַגע מיינע, צו זיין ביי'ם עולם פֿערהאַסט, נישט אַזוי שטאַרק געפֿיהלט. (ס. ס. ס.). ווען דו זאָלסט ניט געוועזען אָנהייבען, וואָלט איך קיין וואָרט ניט געזאָגט. (ס. ס. ס.).

4) די פֿערגאַנגענע ווערט געברויכט אַנשטאַט דער קומענדיגער, ווען מע איז אויף אַזוי פֿיעל זיכער אין דער פֿערווירקליכונג פֿון דער טואונג, אַז מע רעדט וועגען איהר, ווי וועגען אַ פֿערגאַנגענער.

„און לאָסטו איהם וואַקסען, לאָסטו איהם פֿריי, ביסטו, חלילה, הוד מלכות, פֿערביי! האָסטו פֿערלאָרען גאַנץ פּוילען און ליטא... איז, חס וחלילה, אַנ'עק פֿון ניט גוטע!". (פ.).

אויסער דעם, וואָס צייטען ווערען געברויכט איינע אַנשטאַט דער צווייטער, קען מען נאָך אָנווייזען אַט וואָס:

5) יעדע פֿאָרם און יעדע צייט קען בעזיצען אַ געוויסע איינגע־טימליכקייט: פֿאַר דעם זאָג־וואָרט ווערט דאָס צייטוואָרט איבערגע־חזר'ט אין דער אונבעשטימטער פֿאָרם.

דאַכטען דאַכט זיך, אַז זי ווייס גאָר ניט. (נ.). ווייסען ווייס ער

1) די לאַנג־פֿערגאַנגענע צייט פֿון דער פֿאָראויסגעלייגטער פֿאָרם ווערט געבילדעט דורך דער פֿאָרויסגעלייגטער פֿאָרם פֿון זיין (איך וואָלט געוועזען) און דורך דער אונבעשטימטער פֿאָרם אָדער דורכ'ן פֿערגאַנגענעם מיטעלוואָרט פֿון געבויגענעם צייטוואָרט: שרייען, געשריען. איך וואָלט געוועזען שרייען, געשריען.

און געדענקט, אז אויף דער וועלט איז ער בעשאפען געווארען נאר צו דינען דעם אויבערשטען. (נ.). זיין בין איך א קירושנער. (פ.).

6) ווען מע וויל אנווייזען, אז די טואונג איז אפט פארגעקומען זאגט מען: איך פלעג, דו פלעגסט, ער פלעגט... שרייבען, געהן.

ער פלעגט גאנץ אפט א היים נעהמען אנ׳אורח. (פ.). עס פלעגט דאך פאר תענוג דאס הארץ אין מיר לאכען, או דו פלעגסט זינגען די זמירות בעם עסען. (פ.). וויער לאכען פלעגט דאך קלינגען, ווי דאס ליעד פון נאכטיגאלען. (ר.).

## דאס צוזאמענגעזעצטע זאג־ווארט.

§ 9. דאס צוזאמענגעזעצטע זאג־ווארט בעשטעהט פון צוויי טיילען: פון דער בינדונג און פון דעם געבויגענעם טייל: צ. ב., אין זאץ: דער כעסן איז א נאר. (שפר.). איז דאס ווארט „א נאר“ — דער געבויגענער טייל און „איז“ — די בינדונג.

## די בינדונג.

§ 10. די בינדונג ווערט געוועהנלעך אויסגעדריקט דורכ׳ן צייט־ווארט זיין.

אין זמן רציחה איז אשמדאי שרעקלעך! (פ.). א גוטער ליגען איז אויך אמאל ווערט געלד. (שפר.).

אלס בינדונג קענען אבער אויך געברויכט ווערען די צייטווערטער ווערען, בלייבען, הייסען, האלטען און אנדערע.

דער אשמדאי איז געווארען פלאם־פייער. (מ. מ. ס.). א נאר בלייבט א נאר. (שפר.). אין שמוב ווערט שטיל. (וו.). „היים איבערפיהרערס“ הייסט דאס הייזעל היינט. (א.). ביטעלען האט מען געהאלטען פאר א גרויסע חכמה. (פ.). פייגע איז יונג געבליבען אנ׳אלמנה—צו דרייסיג יאהר. (ש. ע.).

דאס צייטווארט זיין קען אין דער דריטער פערזאן איינצאהל פון דער יעצטיגער צייט דורכגעלאזט ווערען.

פרום — דער טאטע, פרום — די מאמע, די משפחה — לומדים כאמע, נאר פון עקסטען פאס. (פ.). זאט — די פערד, די שליטען — נייע. (ר.). דאס פנים — אויסגעצויגען און די וואסע באָרד — אויסגעצויגען, און דער הויכער

געקנייטשטער שטערען איז אויסגעצויגען. (א.) — שוין פארטיג בײ דיר דארט אלצדינג? (ש. ע.). דאס וועלטעל — געענדיגט, דאס לעבען — געעקט. (ר.).

## דער געבויגענער טייל פונ׳ם צוזאמענגעזעצטען זאג־וואָרט.

§ 11. דער צווייטער טייל פונ׳ם צוזאמענגעזעצטען זאג־וואָרט ווערט אויסגעדריקט דורכ׳ן:

1) הויפּטוואָרט.

דער ראש־ישיבה איז אַ הויכער, דאַרער ייד. (פ.). דאָס איז געווען דער שמש פון בית המדרש. (ש. ע.). רב פּיניש איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן. (ש. ע.).

2) אייגענשאַפטוואָרט אין דער קורצער פאָרם.

דאָרט אין גאַס איז ליכטיג. (ר.). די טיר איז אָפען. (פ.). אין איין טאָג איז מענדעל באמת גרוי־גרוי געוואָרען. (פ.). פאַר מורא איז מיר דאָס העמד ווייס געוואָרען. (שפּר.). אַ וואַרשעווער איז קלוג נאָר ביז צו די ראָגאַטקעס. (שפּר.). אין דער שטוב איז שטיל געווען. (א.).

3) אייגענשאַפטוואָרט מיט דער פולער ענדונג, אָבער מיט׳ן בעשטימטען אָדער אונבעשטימטען אַרטיקעל.

איך בין אַמאַזעפּעוועקער אַליין. (ש. ע.). איך בין אַ קאָנסקע־וואָליער. (א.). בטבע איז מתושלח געווען אַרוהיגער, אַהאָרעפּאַשנער, נאָר אַנ׳אויסגעהאָרעוועטער, נעבעך. (ש. ע.). געווען איז אפרים אַ גידריטשקער. (ש. ע.). זי איז אַהיגע אַגעבוירענע. (פ.).

4) מיטעלוואָרט אין דער קורצער פאָרם, אָדער אין דער פולער אין בעגלייטונג פונ׳ם בעשטימטען אָדער אונבעשטימטען אַרטיקעל.

דאָס בית־המדרש איז איבערגעפולט. (וו.). די פערד זענען געווען צוהיצט, פערסאַפּעט. (א.). דאָס איז אַפערוואונדעטער. דער טיש איז אַ צובראָכענער.

6) נאָמענוואָרט, וואָס ווערט געוועהנליך געברויכט אין דער פולער פאָרם.

דער טיש איז מיינער. די בהמה איז מיינע. דאָס גלעזעל איז מיינס.

מע טרעפט אָבער פאָרמען מיט דער קורצער ענדונג, בעזונדערס אין דער פּאָעזיע.

די גאַנצע וועלט איז געווען מײַן. (פ.). „דאָס הויז“, ערקלערט דער

שמש: „איז אייגענטלעך ניט איהר". (פ). איך האב א קליינעם יונגעלע, א ווהנעלע נאר פון, ווען איך דערועה איהם, דאכט זיך מיר, די גאנצע וועלט איז מיין. (ס. ר.).

6) צאהלווארט.

צוויי מאל צוויי איז פיער. חי איז אכצעהן. ק"ן איז הונדערט פופציג.

7) אונגעבויגענעם רעד-טייל.

אין איין אויגענבליק ווערט ש א, שטיל. (ש. ע.).

## מיטשטימונג צווישען זאג-און זאך-ווארט.

§ 12. דאס זאג-ווארט געפינט זיך אין געוויסע בעציהונגען צו'ם זאך-ווארט, וואס הייסען — מיטשטימונג. די מיטשטימונג בעשטעהט אין דעם, וואס דאס זאג-ווארט ווערט געשטעלט אין דער זעלבער פארם, ווי דאס זאך-ווארט.

דאס איינפאכע זאג-ווארט שטימט מיט'ן זאג-ווארט אין צאהל און פערזאן

ליכטיג אויפ'ם הימעל גלאנצען אלע שטערען. (ר.). ברייגע האט גאנין עהרלעך געהאלטען איהר מענדעלען. (פ.).

דאס צוזאמענגעזעצטע זאג-ווארט שטימט מיט'ן זאג-ווארט ניט שטענדיג אין אלע פארמען. דאס איז געווענדעט אין דעם, מיט וואס פאר א רעד-טייל ס'איז אויסגעדריקט דער נעבויגענער טייל פון זאג-ווארט.

1) אויב דער צווייטער טייל פון זאג-ווארט איז א הויפט-ווארט, שטימט עס מיט'ן זאך-ווארט אין צאהל און פאל; אין געשלעכט נאר דעמאלט, ווען דאס הויפטווארט האט בעזונדערע פארמען פאר מענליכען און ווייבליכען געשלעכט.

די צייט איז אנ'אלטע פרוי... (ר.). די וועלט איז א ים. (פ.). אין א מגפה איז א ציג אויך א בהמה. (שפר.).

2) אויב דער צווייטער טייל פון זאג-ווארט איז אנ'אייגענשאפטווארט אדער א ווארט, וואס האט די ענדונג פון אנ'אייגענשאפטווארט, שטימט עס גאר ניט, אויב ס'שטעהט אין דער קורצער פארם; אדער ס'שטימט מיט אין צאהל, פאל און געשלעכט, אויב ס'איז אויסגעדריקט מיט דער פולער פארם.

און די פּנים׳ער זענען געווען בלאַס. (פּ.). און די גאַס איז שטיל. (פּ.). פריילעך זענען אַלע פייגעלעך. (ר.). כ׳בין אַן׳עלענדער געבליבען. (ר.). די נאַכט איז געווען אַלטמיגע און אַוואַרימע. (ש. ע.). דער זומער איז געווען אַ הייסער. (נ.).

צײַטענווײַז ווערט אָבער די מיטשטימונג צווישען זאַך-און זאָג-וואָרט געשטערט אין דער צאָל.

1) בײַ אַ העפלעכקײַט-פאָרם, ווען מע האָט פאַר זיך איין מענטשען, און מע שטעלט דאָס זאָג-וואָרט אין מעהרצאָהל.

„זאָגט, גוטמאַן, ווענען וואָס האָט איהר געטראַכט ביז אַ העֶר? (נ.). ס׳איז בעשערט דאָס גרויסע געווינס, הערט איהר, פּאַני שלום עליכם, קומט עס גלײַך אין שטוב אַרײַן. (ש. ע.).

2) פאַרקעהרט, די אײנצאָהל אָנשטאָט דער מעהרצאָהל האָבען מיר בײַ אַזעלכע זאַמעל-ווערטער, ווי מענגע, מחנה, פאָלק, המון, פעבעל. אויב בײַ די דאָזיגע ווערטער שטעהט אָבער אַ הויפּט-וואָרט, שטעלט מען דאָס זאָג-וואָרט אין מעהר-צאָהל.

די קאָמאַנדע האָט זיך אַנעהם געטאָן שרײַבען. (מ. מ. ס.). און דער עולם איז פערוואָרפען אין וואַלד. (א.). די גאַנצע האַליאַסטרע ווערט פערשוואונדען. (ש. ע.). אַ פּאָר מענטשען זענען צוגעקומען צו איהם. (ש. ע.).

## פערזענלעכער און אומפערזענלעכער זאַץ.

§ 13. אויב אין זאַץ איז דאָ דאָס זאַך-וואָרט, אָדער מע קען לײַכט פערשטעהן, וואָס פאַר אַ זאַך-וואָרט ס׳וואָלט געזאָלט זײַן, הייסט אַזאַ זאַץ — פערזענלעכער.

ס׳איז געווען אַמאָל אַן׳עלנדי. (פּ.). לאַנג וועט דויערן דער ווינטער. (ר.). פון וואַלד האָט אַרויסגעקוקט די לבנה. (נ).

אויב אין זאַץ איז ניטאָ קיין זאַך-וואָרט און ס׳איז שווער צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ זאַך-וואָרט ס׳וואָלט געדאַרפט זײַן, הייסט אַזאַ זאַץ — אומפערזענלעכער.

מע האָט זיך אומגעקוקט, ווער רעדט, מע האָט אָבער ניט געקענט דערזעהן. (א.). מע האָט אָנגעצונדען די לאַנטערנען. (נ.). אז מע וויל זיך לערנען כסדר, מוז מען יונגערהייד געהן אין חדר. (שפר.). פאַר אַ באָק האָט מען מורא פון פאָרענט, פאַר אַ פערד פון הינטען און פאַר אַ נאַר פון אַלע זײַטען. (שפר.). צעזעם לויפט מען אויף די טרעפּ, מע שרײַט: „טאַטע, טאַטע". (פּ.).

מע פֿיהרט מיך אין געוועלב אַריין. (פּ). אַ דאָקטאָר און אַ רופא־טאָר מען ניט ווינטשען אַ גוט יאָהר. (שפּר.).

## אָבלייקענענדער און בעהויפּטענדער זאַץ.

§ 14. אין בעציהונג צום זאָג־וואָרט קען דער זאַץ זיין אַ בעהויפּטענדער, אויב ביי'ם זאָג־וואָרט איז ניטאָ קיין פֿערניינונג.

אַ כעסן איז ערגער ווי אַ שוועבעלע. (שפּר.). ס'איז געווען אַמאָל אַ פֿידעל. (ר.). כ'האָב געזעהען דעם אָדלער אין אַ שטייג פֿון אייזען. (ר.). אין קרישטאָלענעם וואַסער שלאָגט זיך אָב דער הימעל. (פּ.).

ווען די בעהויפּטונג ווערט אויסגעדריקט זעהר שטאַרק, בעזונדערס, ווען ס'איז פֿריהער אַרויסגעזאָגט געוואָרען די פֿערניינונג פֿון דער טואונג אָדער אַ ספק, ווערט ביי'ם זאָג־וואָרט געשטעלט דאָס וואָרט יאָ.

איינער האָט זיך יאָ אָבגעריסען אַ בעלן; גאָר ניכשט אויף איהם, אויף זיין פֿעל. (ש. ע.).

דער זאַץ הייסט אָבלייקענענדער, אויב ביי'ם זאָג־וואָרט איז דאָ אַ פֿערניינונג.

פֿון כבוד ווערט מען ניט זאַט. (שפּר.). די גבירה האָט שוין ניט אויפגעהערט צו לאַכען. (פּ.). דעם פֿאָטער האָט ער ניט געקענט. (פּ.). מעהר האָט מען ניט געקענט לעזען. (פּ.).

## דערצעהלענדער, פֿרעגענדער און אויסרוף־זאַץ.

§ 15. אין בעציהונג צו דער פּערזאָן, וואָס רעדט אַרוים דעם געדאַנק, קענען זיין פֿאָלגענדע זאַצען.

אויב דער זאַץ ווערט אַרויסגערעדט רוהיג, געלאַסען, איז עס אַ דערצעהלענדער זאַץ.

ווער ס'געהט פֿאָריבער, שטעלט זיך פּלוצים אָב, און די הענד פֿערברעכט ער, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. (ר.). דער טויט בעפֿרייט פֿון אַלע צרות. (שפּר). נאָר דער דייטש האָט מיטגעבראַכט אַ בת־יחידה'לע, אַ פּראַכט. (פּ.).

אויב דער זאַץ דריקט אוים פֿערוואונדערונג, אויפֿרעגונג; ווערט בכלל אויסגערעדט מיט אַ העכערער שטים, איידער ביי'ם געוועהנלעכען רעדען, איז עס אַן'אויסרוף־זאַץ.

לאָז ער אויך וויסען פון אַ גוטען ביסען! (שפר.). אַך, וואָס קלינגט איהר, קירבען-גלאָקען! (ר.). מיין פאָלק, איך האָב דיין שווערען מזל! (ר.) שאַ! שאַ! נאָר שטילער! מע וויים שוין! ס'איז פראָסט! אַ דייטש איז געקומען פון דאַנציג מיט פאָסט! (פ.). אַ יודיש שטיקעל געפּילטע פיש — איז גאָר אַ וואונדער! (מ. מ. ס.). אוי, אוי, מיר זאָלען עס נאָר האָבען ווינטשפינגערלעך! (מ. מ. ס.).

אויב דער זאַץ ענטהאַלט אַ פראַגע, האָבען מיר אַ פ ר ע ג-זאַץ.
וואָס קומט אַרוים פון דעם גוטען וויין אין דעם שלעכטען פאַס? (שפר.). זאָגט, גוטמאַן, וואָס האָט איהר געטראַכט ביז אַ העֶר? (נ.). נתן, ביזט געוואָרען אַ חתן? — איך וויים? דער טאַטע זאָגט אַזוי! (שפר.). וועמעס קוה איז דאָס? וויפיעל מילך גיט די קוה? (מ. מ. ס.).

## עליפּטישער זאַץ.

§ 16. אויב ס'פעהלט אין זאַץ דאָס זאָג-וואָרט, הייסט אַזאַ זאַץ — ע ל י פּ ט י ש ע ר.
(ס'איז) נאַס און קאַלט. (ר.). (ס'איז) יום-טוב. (ר.). (ס'זענען) רוהיגע, שטילע נעכט. (פ.). (ס'איז) זומער-לעבען. (ש. ע.). (ס'איז) אַ פּאַר-פּורים, טאָג. (א.). (ס'איז) ביינאַכט. (א.). (ס'איז) אַ רוהיגע, שטילע זומער-נאַכט. (פ.).

## ביי-גלידער.

§ 17. אויסער די הויפּט-גלידער, געפינען זיך געוועהנליך אין זאַץ אויך אַנדערע ווערטער, וואָס הייסען ב יי-ג ל י ד ע ר פון זאַץ. אָדער ד ע ר ק ל ע ה ר ע נ ד ע ווערטער. די ביי-גלידער געבען קלאָרער צו פערשטעהן, וועגען וואָס ס'רעדט זיך אין די הויפּטגלידער.

ס'זענען דאָ דרייערליי ביי-גלידער.

איינע גיבען צו פערשטעהן דאָס זאַך-וואָרט אָדער בכלל אַ הויפּט-וואָרט און אַזאַ וואָרט, וואָס שטעהט אין זינען פון הויפּטוואָרט. אַזעלכע ביי-גלידער הייסען — ז אַ ך-ב ע ש ט י מ ו נ ג ע ן. אַנדערע געבען צו-פערשטעהן דאָס זאָג-וואָרט אָדער בכלל אַ צייטוואָרט. זיי הייסען ז אָ ג-ב ע ש ט י מ ו נ ג ע ן. די דריטע בעציהען זיך אויך אויף צייטווערטער און ווייזען, ביי וואָס פאַר אומשטאַנדען די טואונג אָדער צושטאַנד איז

פאַרגעקומען. אַזעלכע ווערטער הייסען **אומשטאַנד-בעשטימונגען**.

## די זאַך-בעשטימונג.

§ 18. די זאַך-בעשטימונג ענטפערט אויף די פראַגען: **וויפיעל? וועלכע? וואָסער? וועמעס?** — איז די זאַך? די זאַך-בעשטימונג ווייזט אָן די אייגענשאַפט אָדער די אָרדנונג פון זאַכען. צ. ב., אין זאַץ:

„דער הימעל איז בעדעקט מיט אַ בלייערן-גרויעם וואָלקען". (פ.)

ענטפערט דאָס וואָרט „בלייערן-גרויעם" אויף דער פראַגע וואָסער? און גיט בעסער צו פערשטעהן דאָס וואָרט „וואָלקען".

אַ זאַך-בעשטימונג קען מיטשטימען מיט'ן וואָרט, צו וועלכען זי געהערט און קען פון איהם אָבהענגען.

די מיטשטימענדע זאַך-בעשטימונג ווערט אויסגעדריקט דורכ'ן:

1) אייגענשאַפטוואָרט.

מאָנטאָג איז אַ **שווערער** טאָג. (שפר.). פאַר אַ **היימישען** גנב קען מען זיך ניט איינהיטען. (שפר.). דער **ווייסלעכער** טאָג שיינט שוין דורכ'ן פענסטער אַריין. (וו.).

2) מיטעלוואָרט.

**געבראָטענע** טויבען פליהען ניט אין מויל אַריין. (שפר.). באַלד קומט ער אַריין מיט אַ **פערדרייטע** פּאַפּיראָס אין מויל. (וו.). ער ווייזט איהם אַ רויטע וואונד פון רוי-פלייש אויף אַ שוואַרצען, **פערבלאָטיגטען** פוס. (וו.). אונטען, צווישען **אַראָבגעפאַלענע** בלעטער און צווייגען טאַנצען אַרום קליינע ליכט-רעדלעך. (פ.). שרעקליך איז דאָך צו זיצען אייביג מיט **פערלייגטע** הענד. (פ.).

3) נאָמענוואָרט וואָס האָט די ענדונג פונ'ם אייגענשאַפטוואָרט.

פאַר געלד בעקומט מען די אויף **יענע** וועלט. (שפר.). ד'יין בריעף האָב איך ערהאַלטען. (פ.). **אונזער** שוהל-הויף איז אינגאַנצען כמעט איין שוהל. (ש. ע.).

4) צאָהלוואָרט.

אַ צעהנטען וועסטו פערזאָגען! (מ. מ. ס.). איך האָב דערפיהלט, אַז איך בין אַרונטערגעפאַלען פון **זיבעטען** הימעל אַראָב אויף דער ערד. (ש. ע.). איינמאָל האָבען זיך **צוויי** חברים געוואוינט אויף **איין** וואוינונג. (וו.). פון דער **צווייטער** זייט שווימט אַרום די לבנה. (פ.).

דיִ אָבהענגיִגע זאַך־בעשטיִמונג װערט אױסגעדריִקט דורכ׳ן:

1) הױפּטװאָרט אין דיִ מיִטעלבאַרע פאַלען (גענעטיִװ, דאַטיִװ) מיִט אָדער אָהן פּרײװערטער.

ער דערלײַגט גאָר דער באָבעס ירושה. (שפּר.). יודען מיִט בערד פלאַגען שמאַכען פאַר גרוים הנאה, (מ. מ. ס.). דער לבנה׳ס שטראַהלען גנב׳ענען זיִך צו אונז דורך דיִ ציטעריִגע בלעטער. (פּ.). אָט אַזױ האָט זיִך אױסגעלאָזט הערשעלעס פרעהלעכער טאָג, (מ. מ. ס.).

2) צײַטװאָרט אין דער אונבעשטיִמטער פאָרם.

דיִ קונסט פון שרײַבען איז בעקאַנט געװען שױן אין אוראַלטע צײַטען. דער מנהג פּריִה חתונה צו מאַכען איז געװען בײַ יודען זעהר פערשפּרײט.

3) אונגעבױגענעם רעד־טײל.

ס׳האָבען זיִך געלאָזט הערען דיִ קלאַנגען פון אַ הילכיִגען „הורא“.

דיִ זאַך־בעשטיִמונג, װאָס איז אױסגעדריִקט דורכ׳ן אײגענשאַפטװאָרט אָדער דורך אַ װאָרט, װאָס האָט דיִ ענדונגען פון אַן׳אײגענשאַפטװאָרט, שטעהט געװעהנליִך פאַר׳ן װאָרט, צו װעלכען זיִ געהערט. אױב זיִ געפינט זיִך נאָכ׳ן װאָרט, אױף װעלכען זיִ בעציִהט זיִך, װערט פאַר דער זאַך־בעשטיִמונג איבערגע׳חזר׳ט דער בעשטיִמטער אָדער אונבעשטיִמטער אַרטיִקעל.

דיִ שטערען, דיִ אַלטע, דיִ זקנים, זײַנען שױן פּראַקטיִש און גרױ, (ר.). אַ פערדעל איז ער געװען זעהר אַ װאַױלער. (מ. מ. ס.). ראַבטשיק װערט אַנשלאָפען, און עס חלום׳ט זיִך איהם אַ פּאָמעניִצע, אַ גרױסע, אַ פולע. (ש. ע.). און אפרים איז געװאָרען מיִט דער צײַט אַ פּאַרשױן, אַ גוצלעכער, אַ נײַטיִגער. (ש. ע.).

## מיִטשטימונג בײַ דער זאַך־בעשטיִמונג.

§ 19. דיִ זאַך־בעשטיִמונג, װאָס איז אױסגעדריִקט דורכ׳ן אײגענשאַפטװאָרט, שטיִמט מיִט׳ן װאָרט, צו װעלכען זיִ געהערט, אין פאַל, צאָהל און געשלעכט.

שענסטע פערלען פון מײַן הארצען רײַסט דער שטורם אױס בײַ מיִר, (ר.). איִך האָב אין אַ פיִנסטערער נאַכט דיִ טיִר און דיִ לאָדען פערמאַכט. (ר.). אין מיטען מאַרק װערט פּלוצים אױסגעשפּרײט אַ לאַנגע, ברײטע פּלאַכטע. (א.). אױף דיִ װענד פון דער גרױסער, לאַנגער קיִך האָט דאָס קופּער אָראָבגעפונקעלט. (א.).

דאָס מיטעלע געשלעכט פונ'ם אייגענשאַפטאָוורט און בכלל פון יעדען וואָרט, וואָס האָט די ענדונגען פונ'ם אייגענשאַפטוואָרט, קען גע־ברויכט ווערען, אין דער ראָליע פון דער זאַך־בעשטימונג, אין צוויי פאָרמען: אין דער קורצער און אין דער פולער.

אויב דאָס מיטעלע געשלעכט פונ'ם אייגענשאַפטוואָרט שטעהט פאַר'ן וואָרט, צו וועלכען ס'געהערט, ווערט עס געברויכט אין דער קור־צער פאָרם אָהן קיין שום ענדונג, ווען ס'געהט מיט'ן אונבעשטימ־טען אַרטיקעל; און אין דער קורצער פאָרם אויף ע, ווען ס'שטעהט פאַר'ן אָדער נאָכ'ן וואָרט, צו וועלכען ס'געהערט מיט'ן בעשטימטען אַרטיקעל.

דאָס שענע הויז, דאָס הויז, דאָס שענע. דאָס קורצע בערדעל. דאָס בערדעל, דאָס קורצע. דאָס גרויסע געווינס. דאָס געווינס, דאָס גרוי־סע. אַ שען הויז. אַ קורץ בערדעל. אַ גרויס געווינס.

אויב דאָס מיטעלע געשלעכט פונ'ם אייגענשאַפטוואָרט שטעהט פאַר'ן וואָרט, אויף וועלכען ס'בעציהט זיך, אָהן אַן אַרטיקעל, ווערט עס אויך געברויכט אין דער קורצער פאָרם.

הער נאָר, דו, שען מיידעלע; הער נאָר, דו, פיין מיידעלע... (פאָלקס־ל.).

העכסט ניט יודיש זענען אַזעלכע פאָרמען, ווי שענעס מיידעלע. פערטעס העפט און א. וו.

אויב דאָס מיטעלע געשלעכט שטעהט נאָכ'ן וואָרט, אויף וועלכען ס'בעציהט זיך, מיט'ן אונבעשטימטען אַרטיקעל אָדער אָהן קיין שום אַרטיקעל, ווערט עס געברויכט מיט דער ענדונג ס.

מיידעלע דו פיינס, מיידעלע דו שענס, איך וועל דיך פרעגען ראַטעניש אַ פיינס. (פ. ל.).

די בעזיצאָנווייזענדע נאָמענווערטער, אַלס זאַך־בעשטימונג, שטעהען שטענדיג אין איין פאָרם און שטימען ניט מיט'ן וואָרט, צו וועלכען זיי געהערען, אויב זיי געפינען זיך פאַר איהם. זיי שטימען אָבער ווי אַ געוועהנליך אייגענשאַפטוואָרט, אויב זיי געפינען זיך נאָכ'ן וואָרט, אויף וועלכען זיי בעציהען זיך.

אנדערש וואָלט מיין ליעד געקלונגען... (פ.) מיין נשמה איז אַוועק זוממ, זוממ פון דאַנען. (ש. ע.). דער טאַטע מיינער איז געוועזען אַ בריה. (ש. ע.). געלויבט און געדאַנקט זיין ליעבער נאָמען פאַר דער דאָזיגער מתנה זיינער (מ. מ. ס.). אוי, דיין תורה אַז זי נעהמט דאָך ביי דיר צו דעם גאַנצען כח דיינעם. (מ. מ. ס.).

## דער אַרטיקעל.

§ 20. צו די זאַך־בעשטימונגען קען מען אויך פערעכנען דעם בעשטימטען און דעם אומבעשטימטען אַרטיקעל, וואָרים זיי שטעהען נאָר פאַר הויפטווערטער אָדער ווערטער, וואָס ווערען געבראַכט אין זינען פון הויפטווערטער, און געבען אויך קלאָרער צו פערשטעהן די זאַך.

## דער בעשטימטער אַרטיקעל.

§ 21. דער בעשטימטער אַרטיקעל ווייזט, אַז די זאַך, וועגען וועלכער מיר רעדען, איז אונז בעקאַנט.

דער טאַטע וואַרפט אַריין דעם הילצערנעם לעפעל מיט'ן פלעדערוויש אין אויוועץ אַריין און פערברענט דעם המן. (ש. ע.). די מיר עפענט זיך אויף און עס בעווייזען זיך יודען, די שטאָט־בעלי־הבתים (א.). אין די מלחמות צווישען די קונדסים איז ער געוועזען דער גענעראל. (מ. מ. ס.).

דער בעשטימטער אַרטיקעל ווערט אויך געבראויכט, ווען מע רעדט וועגען אַ גאַנצען מין פון זאַכען.

די ציט איז אַן'אַלטע פרוי. (ר.). דאָס הארץ איז אַ ווייגער. (שפר.).

ביי אייגען־נעמען ווערט דער בעשטימטער אַרטיקעל גאָר ניט געבראויכט, אַן'אויסנאַהם שטעלען פאָר

1) נעמען פון טייכען.

וואָס הערט זיך אין ווארשא? — די ווייסעל ברענט. (שפר.). דער דניעפּר. דער בוג.

2) נעמען פון בערג.

די אַלפען־בערג זענען זעהר הויך. דער מאָן־בלאַן איז בעדעקט מיט אייביגען שניי.

3) אויב ביי'ם אייגען־נאָמען איז דאָ אַן'אייגענשאַפטוואָרט, ווערט עס שטענדיג געבראויכט מיט'ן בעשטימטען אַרטיקעל.

מיידלעך ווערען רויט און בלאַס, ווי ער ווייזט זיך אויף דער גאַס, אַז דער שענער מאָניש געהט. (פ.).

## דורכלאָזונג פונ'ם בעשטימטען אַרטיקעל.

§ 22. דער בעשטימטער אַרטיקעל ווערט דורכגעלאָזט:

1) ביי די נעמען פון מענטשען און חיות, שטעט און לענדער.

נאָר ש ל מ ה מיט'ן זוהן זענען שוין צוויי פריַיע פויגעל. (נ.). זשוקעל איז אויך ניט געוועזען קיין שלעכטער הונד. (מ. מ. ס.). י ע ק ב'ס טאָפּ ליגזען איז געבליבען אויף תמיד טאַקי זעהר אַ גוט מיטעל. (מ. מ. ס.). געהערט האָב איך פון לאַנג, אַז וואוינען וואוינט יאַהאַ אין דניעפּראָוויעץ (מ. מ. ס.). י ר ו ש ל י ם איז אָבער אַציַנד וויסט. (מ. מ. ס.) אַ ה ר ן שטעהט אויף פון דער סאָפּע... (וו.). דער קאַבצאַנסקער גלות איז דעגסטמאָל אין ה ע ר ש ע ל ע ם אויגען בעשטאַנען אין גאַוורילאַ דעם שבת-גוי (מ. מ. ס.).

אין פוילען ווערען אָבער פּערזאָנען-נעמען געברויכט מיט'ן בעשטימטען אַרטיקעל.

די חיים'טע געהט מיט'ן עמער צו דעם ברונעם. (א.).

2) אויב פאַר'ן הויפּטוואָרט שטעהט אַ נאָמענוואָרט.

אונטער י ע נ ע גריַנע בוימלעך קום, מ יַ ן קרוין מיט מיר! דאָרטען עפענט זיך מ יַ ן וועלע גאַנץ און גאָר פאַר דיר; דאָרטען לייענסטו די סודות פון מיַ גרויסען שמערץ; דו דערזעהסט דאָרט י ע נ ע ם פיַיער, וואָס פערצעהרט מ יַ ן הערץ (מ. ר.).

3) ווען פאַר'ן הויפּטוואָרט שטעהט אַ גרונדצאָהל.

מיַין אַריה לייב האָט לאַנג ניט געטראַכט און האָט איהם נעגעבען צ ע ה ן קערבלעך. (ש. ע.).

4 ווען פאַר'ן הויפּטוואָרט שטעהט אַ געניטיוו אויף ס.

מיַין ז יי ד ע ס האָהן האָט אין זיַן ב אָ ב ע ס הויף אַרײַנגעקרעהט. (שפר.). דעם ר ב י נ ס ברכה האָט געקלונגען אין וואַלד. (א.).

5) אין וואָקאַטיוו.

משה-יוסי, ווילסט זיַין קראַנק? נו, וועסטו שוין זיַין קראַנק, נ אַ ר ע ל ע? (מ. מ. ס.). שוין ווידער זעה איך דיך, דו אַלטער, שטרענג ע ר ה ע ל ד! (מ. ר.).

6) ווען מע האָט אין זינען דעם גאַנצען מין פון זאַכען, אָדער ווען מע רעדט וועגען אַבסטראַקטע זאַכען.

וויַיטער געהט שוין מ ד ב ר. (מ. מ. ס.). אין ש ל אָ ף זינדיגט ניט דער מענטש, נאָר זיַינע חלומות. (שפר.).

## דער אומבעשטימטער אַרטיקעל.

§ 23. דער אומבעשטימטער אַרטיקעל האָט צוויי פאָרמען: אַ און אַ נ. די ערשטע פאָרם ווערט געברויכט ביַי אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ קאָנסאָנאַנט; די צווייטע — ביַי ווערטער, וואָס האָבען אין אָנהייב אַ וואָקאַל. אַ טאָפּ. אַ מויל. אַנ'עמער. אַנ'אָרט.

דער אונבעשטימטער ארטיקעל ווײַזט אָן, אז די זאַך, וועגן וועל־כער מיר רעדען, איז אונז ניט בעקאַנט, אָדער, אז מיר האָבען וועגען איהר אַ שוואַכע פאָרשטעלונג; אָדער, אז מיר מײַנען ניט איין בעשטימ־טע זאַך, נאָר די זאַך אין אַלגעמײַנעם.

די מיר פון דער „שטוב" איז אָפען אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. (א.). אַ חכם פון דער „מה נשתנה". (שפר.). אַ גאַנבט, אַ גאַנבט, אַ חושב'דיגע ליגט אויף בארג אין טאָל. (פ.). ווײַז אַ הונד אַ פינגער, וויל ער די גאַנצע האַנד. (שפר.). גוט איז אַ יודען אַ טובה צו טאָן. (שפר.).

דער אונבעשטימטער אַרטיקעל האָט ניט קײַן מעהרצאָהל. דערפאַר ווערט דאָס וואָרט, וואָס שטעהט אין אײַנצאָהל מיט'ן אונבעשטימטען אַרטיקעל, אין מעהרצאָהל געבראויכט אָהן אַנ'אַרטיקעל.

ווערטער זאָל מען וועגען און ניט צעהלען. (שפר.). דער אַלטער דור ווײַבער טראָגט מיטע הויבען מיט פערשידענע קאָלירטע בענדער און ברייטע שטערענטיכלעך. (א.).

דער אונבעשטימטער אַרטיקעל קען געבראויכט ווערען צוזאַמען מיט אַ בעזיצאָנווייזענדען נאָמענוואָרט אָדער מיט אַ פאָרם, וואָס בעשטימט און מאַכט בעקאַנט די זאַך.

מײַנער אַ פאַטער. זײַנע אַ מומע. זי לעזט בײַ'ם צאַנקעדיגען ליכט שמ"ר'ס אַראָמאַן. (פ.). איהר זעהט אַ בײן? — דאָס איז מײַנער אַ בײן. (ש. ע.) דער גבאי משה איז מײַן ערשט זײַב'ס אַ לײַבלעבער שוואָגער געוועזען. (פ.).

## פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג.

§ 24. אַזאַ זאַך בעשטימונג, וואָס איז אויסגעדריקט מיט אַ הויפט־וואָרט, אין וואָס שטימט מיט'ן וואָרט, צו וועלכען זי געהערט, אין פאַל, הייסט פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג, וויאַרים געוועהנליך בעשטעהט זי פון עטליכע ווערטער. אין געשלעכט קען די פערברייטער־טע זאַך־בעשטימונג מיטשטימען נאָר דעמאָלט, ווען דאָס הויפטוואָרט, מיט וועלכען זי איז אויסגעדריקט, האָט בעזונדערע פאָרמען פאַר יעדען געשלעכט.

אין שטוב איז אַרײַנגעקומען יעפּים, דאָקטאָר ווײַנשטיין'ס אַ ברודער. (נ.). און די ווײַבער—שבנות—קומען זיך צונויף. (ר.) גאָלדעלע, ר' יחזקאל'ס טאָכ־

מער... זאָגט, אַז צווישען די צוויי מויערען, וואָס איהר שוועהר, ר' חיים האָט, שטעקט פיעל פון איהר פאָטערס געלד. (א.).

די פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג ווערט אָפט פעראייניגט מיט'ן וואָרט, צו וועלכען זי געהערט, דורך פערשידענע בינדווערטער: אָדער, דאָס הייסט, נעמליך, צום ביישפיעל, למשל.

ס'ווענען טאַקי דאָ אַזוינע שטעט, אויף וועלכע די מגפה האָט קיין שליטה ניט, למשל: אבען, בירמינגאַם און אַנדערע. (פ.).

אויב ביי אַנ'אייגענ־נאָמען איז דאָ אַ פערברייטערטע זאַך־בע־שטימונג, קען זי געברויכט ווערען מיט'ן בעשטימטען אַרטיקעל און אָהן איהם.

ביז אַהער איז כתריאל דער וואַסערפיהרער... געוועזען אַליין דער וואַסערפיהרער און אַליין דאָס פערדעל. (ש. ע.). און אַליה, אַליה דער טלית'ניק ווי אַזוי איז געשטאָרבען? (ש. ע.). הערשעל — בעל־מאַקסע נעהמט דאָס תנ"ך און האַנד אַריין. (ש. ע.). דער קאַבצאַנסקער גלות איז דענסמאָל אין הערשעלעס אויגען בעשטאַנען אין גאַוורילא דעם שבת־גוי. (מ. מ. ס.).

## אַבשטעלונגס־צייכענס ביי דער פערברייטערטער זאַך־בעשטימונג.

§ 25. די פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג ווערט אָבגעטיילט מיט אונטערשטריכען אָדער מיט שטריכען, אויב זי שטעהט נאָך דעם וואָרט, צו וועלכען זי געהערט.

אויב יענטעל, דאָס ווייב זיינס, האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט בענטשיעלען, איהר זיס איידימעל, פאַר די בעקאַנטע ווייבער איהרע. (מ. מ. ס.). ווער האָט דיר פערלאָשען, זאָג וואָס פאַר אַ ווינד, די אויגעליך דיינע, די שענע הבדלות? (פ.). און די שלעכטע צייטען פאַלט אַפילו תורה — די בעסטע סחורה — אויך. (פ.). און מבינים גרויסע זאָגען: „זיי וועט אַלע איבער־יאָגען מאָניש, אונזער העלד!"

אויב די פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג שטעהט פאַר'ן וואָרט צו וועלכען זי געהערט, ווערט זי ניט אָבגעטיילט.

אויב דאָס ווייב זיינס יענטעל האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט איהר זיס איידימעל בענטשיעלען פאַר די בעקאַנטע ווייבער איהרע. (מ. מ. ס.).

אויב די פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג בעשטעהט פון איין וואָרט ווערט זי פעראייניגט דורך אַ שטריך מיט'ן וואָרט, צו וועלכען זי געהערט

וואו האָסטו גענומען נגונים-ילדות? (פּ.) ? פאַר דעם דאַוויִנען „בום״
האָב איך אַמאָל געחאַפּט פון בערעל-באָס אַ מאוס׳ן פּסק. (ש. ע.).

## זאַג-בעשטימונג.

§ 26. די זאַג-בעשטימונג בעציהט זיך אויף דאָס זאַג-וואָרט אָדער בכלל אויף אַ צייַטוואָרט. זי ענטפערט אויף די פראַגען ווען? וואָס? פון ווען? צו ווען? בכלל אויף די פראַגען ווער? וואָס? אין אַלע פאַלען (אויסער נאָמינאַטיוו) אָהן אָדער מיט אַ בייוואָרט. כדי צו געפינען די זאַג-בעשטימונג, מוז מען נאָכ׳ן צייַטוואָרט שטעלען די פראַגע און אָבזוכען אַ וואָרט, וואָס ענטפערט אויף דער געשטעלטער פראַגע. צ. ב., אין זאַץ: דעם געפאַלענעם העלפט גאָט. (שפּר.) בעציהט זיך דאָס וואָרט „דעם געפאַלענעם״ אויפ׳ן צייַטוואָרט „העלפט״ און ענטפערט אויף דער פראַגע ווע מ ען?

די זאַג-בעשטימונג ווערט אויסגעדריקט דורכ׳ן

1) הויפטוואָרט.

אַ יודענע אָהן „צאינה וראינה״ איז ווי אַ שייגעץ אָהן אַ פּייַפעלע. (שפּר.). מיט דעם ווייַב האָט ער קאַרג וואָס גערעדט. (מ. מ. ס.), חיים האָט די עמער אין שטאַל געטראָגען. (א.). דאָס הויזגעזינד איז בייַ׳ם יודען דאָס גאַנצע לעבען. (מ. מ. ס.). איבער דער ערד איז שוין דורכגעגאַנגען די שאַרפע קאָסע און האָט איבערגעלאָזט נאָר עטלעכע דערנער. (פּ.).

2) אייגענשאַפטוואָרט.

אין אַ קורצער צייַט אַרום האָבען די מתים גובר געווען די לעבעדיגע. (פּ.).

3) מיטעלוואָרט.

דעם געפאַלענעם העלפט גאָט. (שפּר.). אַ געבונדענעם שלאָגט מען נישט. (שפּר.).

4) צייַטוואָרט אין דער אומבעשטימטער פאָרם.

עס הייבען אָן האַנדלען גאָר שוחטים, דיינים. (פּ.). איהם האָט זיך געוואָלט נאָך שטעהן בייַ׳ם פענסטער און אַרויסשטעקען דעם קאָפּ. (נ.). עס גלוסט זיך מיר לאַכען, שרייַען, קוויטשען, חאַפּען אַ טענצעל. (ש. ע.). בייַ׳ם שפּיעלען זיך איז ער מיט זייַן גראָבען קאָפּ שוין געלעגען בייַ אונז אין די הענד. (מ. מ. ס.). אַ מענטש מוז אַלץ אויסשטעהן. (שפּר.). די שטיקער אייַז פרואווען זיך פון אָרט ריהרען. (א.).

5) אומגעבויגענעם רעד-טייל אָדער גאַנצען אויסדריק.

פֿאַר דעם דאָזיגען „ב ו ם" האָב איך אַמאָל געחאַפּט פֿון בערעל־באַס אַ מאוס'ן פּסק. (ש. ע.). און חאָטש יוסף הצדיק האָט געלעבט פֿון אַ „פֿ אָ ל ג מ י ך אַ ג אַ נ ג"... פֿונדעסטוועגען וואָלט איך מיט איהם געביטען נאָר צוּליעב דעם איינעם טאָג פּורים (ש. ע.).

אויב די זאָג־בעשטימונג שטעהט אין אַקוּזאַטיוו אָהן אַ ביי־וואָרט, הייסט זי נ אָ ה נ ט ע זאָג־בעשטימונג.

מע האָט אָנגעצונדען די ל אַ נ ט ע ר נ ע ן. (נ.). ווער האָט אַזאַ ק ל י נ ג ע ן געהערט? (פּ.).

אויב די זאַך־בעשטימונג שטעהט אין אַנדערע פֿאַלען, הייסט זי ווייטערע.

פֿיינער האָט זיך געפֿיהלט פֿריי פֿון מענטשלעכע בליקען, פֿון זיך אַליין. (נ.). און דאָס וואַסער האָט זיך געגאָסען אויפֿ'ם אייז און האָט מלחמה געהאַלטען מיט איהם. (א.).

## אומשטאַנד־בעשטימונגען.

§ 27. יעדע טוּאוּנג אין יעדער צוּשטאַנד קומט פֿאָר ביי געוויסע אומשטאַנדען און פֿערהעלטנישען. יענע ביי־גלידער, וואָס ווייזען ביי וואָס פֿאַר [illegible] ס'קומט פֿאָר די טוּאוּנג אָדער צוּשטאַנד, הייסען אומשטאַנד־בעשטימונגען. די אומשטאַנד־בעשטימונגען ווייזען אָן דאָס אָרט, די צייט, די אורזאַך, דעם ציעל, דעם שטייגער; און דערפֿאַר זענען דאָ פֿאָלגענדע אומשטאַנד־בעשטימונגען: I אָרט־בעשטימונג, II צייט־בעשטימונג, III אורזאַך־בעשטימונג, IV ציעל־בעשטימונג, V שטייגער־בעשטימונג.

I. אויב די אומשטאַנד־בעשטימונג ווייזט אָן אין וואָס פֿאַר אַנ'אָרט ס'איז פֿאָרגעקומען די טוּאוּנג אָדער צוּשטאַנד, הייסט זי — אָרט־בעשטימונג. די אָרט־בעשטימונג ענטפֿערט אויף די פֿראַגען: וואו? וואוהין? פֿון וואַנען? פֿון וואָס פֿאַר אַנ'אָרט?

זוייט, ווייט ערגעץ, העט אין עק וועלט. (מ. מ. ס.). ס'רוישט, ס'שטורמט אַרום און אַרום. (מ. מ. ס.). וואָס האָסטו אין די אויגען נאָר טרעהרען? (פּ.). גאָט וואַרפֿט ניט אַראָב פֿון הימעל (שפּר.). אין שטוב איז אַריינגעקומען יעפֿים... (נ.).

II. אויב די אומשטאַנד־בעשטימונג ווייזט אָן אויף דער צייט, ווען ס'איז פֿאָרגעקומען די טוּאוּנג אָדער צוּשטאַנד, הייסט זי צייט־בע־

שטימונג. די צייט בעשטימונג ענטפערט אויף די פראַגען: ווען? פון ווען? ביז ווען? ווי לאַנג?

דאָרט ביינאַכט בעוועגט זיך מאַניש. (פ.). און זיי לעהרנען שוין קבלה אַ צייט. (פ.). אַז מע לאַכט אין דער פריה, וויינט מען ביינאַכט. (שפר.). אין דעם הײַזעל זיצט אַ משפחה פון יאָהרען לאַנג. (א.).

III. ווען די אומשטאַנד-בעשטימונג בעווייזט די אורזאַך פון דער טואונג אָדער צושטאַנד, הייסט זי אורזאַך-בעשטימונג. די אורזאַך-בעשטימונג ענטפערט אויף די פראַגען: פאַרוואָס? פון וואָס? איבער וואָס? איבער וואָס פאַר אַ סבה?

פאַר מורא איז מיר דאָס העמד ווייס געוואָרען. (שפר.). די טאָכטער בעוואַשט זיך פאַר גרויס ווייטאָג מיט טרעהרען. (מ. מ. ס.). פאַר הארצדריקעניש האָט ער אָנגעהויבען טרינקען. (פ.). דער אָשמאַי האָט געשמאַכט פאַר שמחה. (מ. מ. ס.).

IV. די אומשטאַנד-בעשטימונג, וואָס ווייזט דעם ציעל פון דער טואונג, הייסט ציעל-בעשטימונג. זי ענטפערט אויף די פראַגען: צוליעב וואָס? מיט וואָס פאַר אַ צוועק? נאָך וואָס?

האָלץ האָב איך צו פערקויפען. (פ.). ער האָלט אָפען דאָס מויל צו חאַפּען יעדעס וואָרט. (פ.). מיר געהען ווייטער נאָך חנוכה-געלד צו אונזער שוועסטער איידעל. (ש. ע.).

V. שטייגער-בעשטימונג הייסט אַזאַ אומשטאַנד-בעשטימונג, וועלכע ווייזט אויף וואָס פאַר אַן-אופן די טואונג אָדער צושטאַנד קומען פאָר. די שטייגער-בעשטימונג ענטפערט אויף די פראַגען: ווי? אַזוי? אויף וואָס פאַר אַ שטייגער? אויף וואָס פאַר אַן-אופן?

איך זעה מתנות מענטשען לויפען משוגע'נערווייז. (מ. מ. ס.). ס'וועָרט מיט אַמאָל שוואַרץ-טונקעל אין די אויגען. (מ. מ. ס.). וואָס לאָזט זיך דיין קול אַזוי וויינענדיג הערען? (פ.). פלוצלים איז אַריינגעפאַלען אַ הוילע, נאַקעטע נ"צמח. (מ. מ. ס.).

## אויסדריקונג פון אומשטאַנד-בעשטימונגען.

§ 28. די אומשטאַנד-בעשטימונגען קענען אויסגעדריקט ווערען דורכ'ן:

1) אומשטאַנדוואָרט.

אַז מע בעגראָבט לעבעדיגערהייד, קען מען תחית-המתים ניט אויפ־שטעהן. (שפר.). ערשט דעמאָלט האָט זיך מישב געווען אַ רוז און האָט אָנגעהויבען אַרויסשפּראָצען איינע אַליין. (פ.). איך בין לאַנג געלעגען אויף דער לאַנגער סאָפֿע. (פ.). זי (באַבאַ יאַהאַ) קוקט מיך אָן שווייגענדיג, דאָס מויל ציהט זיך איהר אוים נאָך ברייטער. (מ. מ. ס.).

2) הויפּטוואָרט און אַנדערע רעד-טיילען, וואָס שטעהען אין זינען פֿונ'ם הויפּטוואָרט.

ער רעדט פֿאַר פֿייער און פֿאַר וואַסער. (שפר.). ויי שמועסען פֿער־טרויט פֿון דעם און פֿון יענעם, ווענען צו פּאַקען אַריין אין גיהנם. (פ.). מלמדים און תלמידים זענען צוריק געקומען פֿון בית-המדרש. (וו.). עטלעכע מינוט האָבען זיי ביידע געשוויגען. (נ.). איך פֿריהר, ווי אים שבט ביי דער נאַכט אין אַוואַלד. (פר.). דערווייל איז דער שוועהר געשטאָרבען אין אָרעמ־קייט. (פ.).

3) דורכ'ן צייטוואָרט אין דער או:בעשטימטער פֿאָרם ווערען אויס־געדריקט נאָר ציעל-בעשטימונגען.

ער איז הונגעריג, טויט הונגעריג; ס'פֿאַלט איהם אָבער גישט איין צו געהן אין שטאָט אַריין עסען. (פ.). איך פֿלעג קומען אויף דער קוואַרטיר נאָר וואָס ס'איז אָבצועסען און שלאָפֿען. (מ. מ. ס.).

## גלייכאַרטיגע זאַץ-גלידער.

§ 29. עטלעכע זאַץ-גלידער הייסען גלייכאַרטיג, אויב זיי האָבען איין נאָמען, כאַראַקטעריזירען די טואונג, צושטאַנד אָדער די זאַך פֿון איין זייט און זענען אויסגעדריקט אויף איין שטייגער.

זאַך-בעשטימונגען זענען דעמאָלט גלייכאַרטיג, ווען זיי ווייזען אָן איין און דעמזעלבען כאַראַקטער-שטריך פֿון דער זאַך און זענען אויסגע־דריקט מיט דעמזעלבען רעד-טייל.

דער ראש-ישיבה איז אַן אַלטער, דאַרער יוד. (פ.). איבער דעם גרויסען, ברייטען, לאַנגען טיש צוגיסט זיך די ליכטיגקייט פֿון דער לאָמפּ. (א.). געקומען אַהיים פֿונ'ם חדר אַ דער'הרג'עטער, אַ הונגעריגער, אַ שלע־פֿעריגער, אַן אויסגעמאַטערטער, איז דאָס ערשטע געווען אַרויסנעהמען דאָס מעסערעל פֿון אונטער דער שוואַרצער שאַפֿע. (ש. ע.). גאָט גיט טרוקענע שענע פּאָגאָדע. (מ. מ. ס.). ס'דאַכט זיך מיר, אַז איהרע בלויע, גוטע־

טויבענע אויגען גלעטען מײַן הייסען שטערען מיט פּער'כשופ'ש-לײַכטיגע, זיסע, לײַט-זעליגע שטראַהלען (מ. מ. ס.).

זאַג-בעשטימונגען און אומשטאַנד-בעשטימונגען זענען גלײַכאַרטיג, אויב זיי ענטפערן אויף איין פראַגע.

די פויערן קומען נעהנטער; טייל האַלטען העק, לאָמען, קייטען און שטריק. (א.). און מיט אַ רוהיג האַרץ, מיט בטחון אויף גאָטס חסד געהט ער אַוועק צוריק צו חיים'ען אין שטוב צו עסען וועטשערע. (א.). און ער (מאָניש) שווערט איהר הייסע ליעבע ביי זיין לעבען, ביי'ם געזונד. (פּ.). און ער שווערט איהר ביי די ציצית, ביי די פּאות, ביי די תפלין און ביי שופר של משיח. (פּ.). מיט רעש, מיט אימפּעט פליהען די רוחות איבער בלאַנעטען און שטערן. (מ. מ. ס.). אין קעניגרייך פּוילען, האַרט ביי דער גרעניץ, ליגט זיך אַ שטעטעלע גרוים, ווי אַ געניץ. (פּ.). דער רבי האַלט זיך אַלץ אין דער זייט פון די גאַסען, אין שאָטענס פון די הייזער. (פּ.). רעכטס פון וואַלד, ביי אַ טייך, ליגט דאָס שטעטעל. (פּ.).

זאַך-ווערטער, זאַג-ווערטער, ווענדונגען זענען שטענדיג גלײַכאַרטיג.

טויזענד גרילען, טויזענד שפּינען, פלעדערמײַז און אייזלען הערען ווייער זינגען, לאַכען, קושען ווייער קושען האַלזען, שווערען. (פּ.). ס'לויפען, ס'יאָגען שוואַרצע וואָלקען; ס'פּייפט און ברומט דער ווינד. (ר.). וואָס טוט איהר דאָ אזוי וויט, קונדסים, ווײַסע חברה'ניקעס, שקצים? (ש. ע.).

## אָבשטעלונג-צייכענס ביי די גלײַכאַרטיגע זאַץ-גלידער.

§ 30. גלײַכאַרטיגע זאַץ-גלידער ווערען אָבגעטיילט מיט אונטער-שטריכען, אויב זיי זענען קורץ, און מיט אַ פּינטעלע און מיט אַ אונטער-שטריך, אויב זיי זענען פערברייטערט. אויב דאָס לעצטע גלײַכאַרטיגע גליד איז פעראייניגט מיט אַ בינדוואָרט, איז דער אונטערשטריך פאַר'ן לעצטען גליד איבעריג. אויב דאָס בינדוואָרט חזר'ט זיך איבער ביי יעדען וואָרט, ווערט פאַר יעדען געשטעלט אַנ'אונטערשטריך.

זי איז היינט געווען גאָר בעזונדערס ליעבליך, פריש, קינדיש-לוסטיג. (נ.). עס (דאָס מעסערעל) שיינט, ס'בלישטשעט, ווי גינגאָלד, ווי אַ ברילויאַנט. (ש. ע.). מיט גרויסע פּחדים, מיט אַ קלאַפּעדיג האַרץ און מיט ציטערדיגע פיס האָב איך טריבערגעשפּאַנט די שוועל פון דעם דאָזיגען קליינעם גן-עדן. (ש. ע.) אין אַפריקע, אין אַמעריקע זענען דאָ אַ מאַסע ווילדע שבטים... וואָס טראָגען פאַר שענקייט ווענען מעשענע רעדלעך אין דער נאָז; ששאַבע-שיסעלעך אין די אויבערשטע אָדער

אונטערשטע ליפּען; לעדערנע בראַנזולעטען אויף די פּיס; הערנער אָדער פעדערן פון עופות אויף די קעפּ. (פּ.).

## ווענדונג.

§ 31. דאָס וואָרט, וואָס ווייזט אָן אויף דער זאַך, צו וועלכער מיר ווענדען זיך מיט אונזערע רייד, הייסט ווענדונג.

וואָס מאַכסטו עפּעס, מיין האַרץ? ווי געהט עס דיר ישׂראליק, אונטען אין דער וועלט? (מ. מ. ס.). וואָס איז דיר, מיין לעבען, דער מאַמען זאָג אויס! (פּ.). קום אין וואַלד, מיין ליעבער פריינד! (ר.).

די ווענדונג ווערט אויסגעדריקט פריהער פון אַלין מיט׳ן הויפּט־וואָרט; דערנאָך מיט יעדען וואָרט, וואָס שטעהט אין זינען פון אַ הויפּט־וואָרט.

## אָבשטעלונגס־צייכענס ביי דער ווענדונג.

§ 32. די ווענדונג געהערט ניט צו די הויפּט־ ניט צו די ביי־גלידער: זי איז אַ זעלבסטשטענדיגער, זייטיגער טייל אין זאַץ, און ווערט דערפאַר אויסגעטיילט מיט אַלע ווערטער, וואָס געהערען צו איהר.

ווען די ווענדונג שטעהט אין אָנהייב זאַץ, ווערט נאָך איהר געשטעלט אַ אונטערשטריך און צו׳ם סוף זאַץ אַנ׳אויסרוף־צייכען. אויב די ווענדונג ווערט אויסגערעדט מיט אַ בעזונדערער קראַפט, ווערט נאָך דער ווענדונג געשטעלט אַנ׳אויסרוף־צייכען.

אָ, עלענדעס, איינזאַמעס בוימעל, אַ חבר געפין איך אין דיר! (ר.). אָ גאָט, האָב רחמנות! (פּ.). אַך, גרויסער מלך! עס ציטערט דיין טראָן. (פּ.). אַך, ישׂראליק, מיין טייערער ישׂראליק, וואָס דיינע ביכלעך, דיינע מעשׂיות האָבען אָנגעמאַכט! (מ. מ. ס.). גאָט, גאָט, גיב אַ רעגען פאַר די קליינע קינדערס וועגען. (פּ.—ל.).

ווען די ווענדונג שטעהט אין מיטען זאַץ, ווערט זי אויסגעטיילט מיט צוויי אונטערשטריכען.

צו דיר קום איך, עלענדעס בוימעלע, געפינען אַביסעלע רוה. (ר.). בערוהיגט זיך, פריינד, די מעשׂה איז פּשוט. הערט, יודישע קינדער, איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשׂה מיט אַ מעסערעל. (ש. ע.).

אויב די ווענדונג שטעהט צו׳ם סוף, שטעלט מען נאָך איהר אַנ׳אויסרוף־צייכען. ס׳קען אָבער שטעהן אַ פּינטעלע.

זײַט געזונד, איהר אַלטע נאַרן. (ר.). קום נאָר אַהער, תּכשיט מײַנער. (ש. ע.).
פיעל ביטערע, פיעל טרויעריגע ליעדער האָב איך אײַך שוין געזונגען, ליעבע ברידער!
(פר.). איהר האַלט וואָרט, רבי ישראל! (ש. ע.).

ווען דער זאַץ מיט דער ווענדונג ענטהאַלט אַ פראַגע, שטעלט מען צו׳ם סוף אַ פרעגצייכען.

אוי, וואָס קענסטו זיך ניט שטילען, ווילדער ווינד? (ר.). וואָס האָסטו זיך דערשראָקען, מײַן אָרימער ברודער? (ר.). דו ביסט עס, טאַטע? (ש. ע.).

## פערברײַטערטער און אונפערברײַטערטער זאַץ.

§ 33. אין דער בעציהונג צו די בײַגלידער קען דער זאַץ זײַן אונפערברײַטערט, אויב אין איהם געהען ניט אַרײַן קײַן בײַגלידער.

דער עולם שלאָפט. (ש. ע.). די נאַכט איז שטיל. (ש. ע.). די לופט איז פריש. (ש. ע.). דאָס וואַסער שטראָמט. (א.). ס׳איז שטיל. (ש. ע.).

דער זאַץ הייסט פערברײַטערטער, אויב אין איהם געפינען זיך, אויסער די הויפּט-גלידער, אויך בײַ-גלידער.

פון בייזע לײַט זאָל מען געהן אויף אַ זײַט. (שפר.). ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט איז געווען אַ גרויסע גבירה. (פ.). אַביסעל איז עס געווען מעשה נסים. (פ.). די געגענד איז אַרום שטיל. (א.).

## בעמערקונג-ווערטער און בעמערקונג-זאַץ.

§ 34. צײַטענווייז, אַרויסזאָגענדיג דעם זאַץ, ווילען מיר אויך אויסדריקען אונזער מײַנונג וועגען דעם, וואָס ס׳ווערט געזאָגט אין זאַץ. מיר קענען אויסדריקען אונזער צווייפעל, צי וועט די טואונג פאָרקומען; אונזער זיכערקייט, אַז די טואונג וועט פאָרקומען; מיר קענען אויך איבערגעבען אַ פרעמדע מײַנונג. אַזעלכע ווערטער, וואָס דריקען אויס אונזער אייגענע אָדער פרעמדע מײַנונג וועגען דער טואונג פון זאַץ, הייסען בעמערקונג-ווערטער.

מײַן קליאַטשע, געבעך, האָט אַ זיפּץ געטאָן. (מ. מ. ס.). מע ווייס, ביש-קשה, אַז איהר זענט אַן ערהרליכער מאַן. (מ. מ. ס.). נאָך איין שטאָט, אמת, איז איהם געווען בעקאַנט. (מ. מ. ס.). מע האָט אויסגעטרונקען, אָהן גוזמא, אוודאי אַ פאַס ביער. (פ.). ס׳איז איהם (מתושלח׳ן) אָבער בעשערט געווען, פנים, אַ גוט עלטער... (ש. ע.). יודישע מעשיות לאָזען זיך אויס, צו׳ם באַדויערן, טרויעריג. (ש. ע.).

אויב די בעמערקונג איז אויסגעדריקט מיט אגאנצען זאץ, הייסט ער **בעמערקונג־זאץ**.

דער רבי, **זאל לעבען**, נעהמט זיך אין וועלדעל ארײַן. (פ.). **לאָזט מיך, איך בעט אײַך**, אַ **לויף** טאָן אויף דער אַכסניה. (מ. מ. ס.). הערשעלע, **אַ בּרירה האָט ער געהאַט**. איז געגאַנגען. (מ. מ. ס.). זײַט רוהיג: אײַער פאָטער וועט, **אם ירצה השם**, זײַן געזונד. (ש. ע.). אַז די מאמע, **עליה השלום**, האָט געלעבט, פלעגט זי מיך מיטנעהמען שבת ויום־טוב שפּאַצירען... דער טאטע—**איהר צו לענגערע יאָהר**—הייסט בעסער ארײַנקוקען אין אַ ספר. (פ.).

## אָבּשטעלונג־צייכענס בײַ׳ם בעמערקונג־זאַץ און בעמערקונג־וואָרט.

**§ 35.** אַזוי ווי די ווענדונג, שטעלט אויך פאַר דער בעמערקונג־זאַץ און בעמערקונג־וואָרט אַ זייטיגען עלעמענט אין זאַץ, און ווערט דערפאַר אויסגעטיילט פון איהם. געווענהלעך טיילט מען אויס דעם בעמערקונג־זאַץ און בעמערקונג־וואָרט מיט אונטערשטריכען אָדער שטריכען. זיי קענען אָבער אויך געשלאָסען ווערען אין רינגעלעך, בעזונדערס ווען דער בעמערקונג־זאַץ איז צו גרויס אָדער ער האָט ווייניג צוזאַמענהאַנג מיט׳ן זאַץ, אין וועלכען ער געפינט זיך.

קומט ושעז, איך בעט אײַך, צו׳ם טיש. (מ. מ. ס.). אין ווארשאַ—פערצעהלט מען — האָט מען טיי־הײַזער געעפענט פאַר אָרימע לײַט. (פ.). „זײַ ניט קײַן קלוגעטשקער, ישראל׳יק, און טו, וואָס מע הייסט דיר" בײַזערט זיך אויף מיר דער אַשמדאַי: אַ בּויג געבענדיג מיר צו דער ערד דעם קאָפּ, „קוק און זעה!" (מ. מ. ס.). אַמאָל (ניט זעהר לאַנג) איז געווען צוויי ברידער אין דער שטאָט. (ש. ע.). הערשעל־בעל־טאַקסע (אַזוי האָט מען איהם גערופען דערפאַר, וואָס ער און דער ווײַדע ווײַנער האָבען פון תמיד אָן געהאַלטען די טאַקסע; ס׳איז שוין בײַ זיי אַ חזקה) איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַ קײַלעכיג בײַכעלע. (ש. ע.). מע האָט איהם (דעם מסר) געמוזט ארײַנבעהמען אין בית־המדרש ארײַן (דאָס אורחים־הויז איז שוין ניטאָ געווען), און דאָרט איז ער נפטר געוואָרען. (פ.). און דאָ דאַרף נאָך גרונע אַהיים קומען (זי איז געזעסען מיט בײַגעל). (פ.).

## הערשונג פון ווערטער. נאָהנטע און ווײַטערע הערשונג.

**§ 36.** מיר האָבען געזעהען, אַז צווישען ווערטער קען זײַן די

בעציהונג פון מיטשטימונג, ווען בײדע ווערטער ווערען געשטעלט אין אײן פארם. אזא בעציהונג האבען מיר געזעהען צווישען זאג- און זאך-ווארט, צווישען זאך-בעשטימונג און ווארט, צו וועלכען זי געהערט. צווישען ווערטער קען אבער זײן נאך אנ'אנדער בעציהונג, ווען אײן ווארט ווײזט אן אין וואס פאר א פאל ס'דארף שטעהן דאס צווײטע. אזא בעציהונג הײסט הערשונג.

די הערשונג הײסט א נאהנטע, אויב די אבהענגיגקײט פונ'ם בעהערשטען ווארט איז ניט אויסגעדריקט אויסערליך דורך א בײווארט. צ. ב. גאט'ס וועלט. דאס ווארט „גאט" שטעהט אין דער אנגעהעריגקײט-פארם אויף ס, וואס ווײזט אן אויף דער אבהענגיגקײט פון דעם דאזיגען ווארט פון א צווײט ווארט — „וועלט". די הערשונג פונ'ם ווארט „וועלט" איבער'ן ווארט „גאט" איז אויסגעדריקט ניט אויסערליך, ניט דורך א בײווארט.

אויב די הערשונג פון אײן ווארט איבער'ן צווײטען איז אויסגעדריקט אויסערליך, דורך א בײווארט הײסט זי ווײטערע הערשונג. צ. ב. דער וועג צו'ם טײך, דער טויט פונ'ם קינד.

## נאהנטע הערשונג.

§ 37. די נאהנטע הערשונג איז אין יודיש זעהר בעגרענצט. מיר האבען דא פאלגענדע פאלען.

געגעטיוו. דעם געגעטיוו אין דער נאהנטער הערשונג טרעפען מיר נאך הויפטווערטער, וואס בעדײטען, מײסטענס, לעבעדיגע זאכען, ווען מע ווײזט אן די אנגעהעריגקײט צו זײ פון אנדערע זאכען.

און גאט'ס עדה אויפ'ם וועג. (א.). און דעם רבי'נס קול ווײנט אין וואלד. (א.). די ווײבער האבען זיך בײ מלכה'לען, ר' יחזקאל'ס ווײב, פערזאמעלט. (א.). ווער ס'האט ניט דעם טישוויצער רב'ס שלאפראק געזעהען... (פ.). א סופר'ס א טאפעלטער פאר א דינסט! (פ.). געלעבט האט מען פון דער מאמעס שטעל. (פ.). פײנער האט... געקוקט אויף גזטמאנ'ס צוטויבערטע האהר. (נ.).

דאטיוו. דער דאטיוו ווערט געשטעלט

1) בײ צײטווערטער, וואס ווײזען אן אויפ'ם שארען אדער נוצען, וועלכען אײן זאך קריגט פון דער אנדערער. עמיצען געבען, בארגען, גלויבען, לײען, זאגען, שענקען, ווײזען, טאן, ראטען, חנפ'ענען, איבערלאזען א. א. וו.

פרײדען האט דאס לעבען, טויזענד גליקען יעדער טאג; דאך, וואס עס

האָט מיר געגעבען, וויִ איך אימער און בעקלאָג. (מ. ר.). דאָ גיב איך אײַך אַ בינטעל בלומען. (מ. ר.) מע האָט מיר אין ערגעץ ניט בעצאָהלט. (פּ.). וואָס קומט מיר אַרוים, גאָט אין הימעל איז מײַן עדות, אַז איך בין דיר ניט איים שטאַנד צו העלפען. (פּ.) די פֿײַערדיגע צונג האָט מיר אַרויסגע־שטעקט ר׳ חיים ווײַצענזאַנגס הויז. (פּ.).

2) בײַ אונפערזענלעכע צײַטווערטער, וואָס בעדײַטען צווייפעל, זיכערקײַט, האָפנונג, וואונטש, שטרעבונג: מיר גלויבט זיך ניט, דאַכט זיך אוים, ווילט זיך, בענקט זיך, שײַנט.

פֿערשידענע זאַכען פֿערוווילט זיך איהם מיט איין מאָל. (נ.). עס דאַכט זיך מיר, אַז איהרע... אויגען גלעטען מײַן הייסען שטערען. (פּ.).

3) בײַ יענע אויסדריקען, וואָס בעשטעהען פֿון זײַן, ווערען, טאָן און הויפטווערטער אָדער אייגענשאַפֿטווערטער: עס טוט מיר באַנג, עס טוט מיר וועה; עס איז מיר קאַלט, וואַרים, גוט, הייס; טוט מיר הנאה, באַנג; ס׳ווערט מיר קאַלט, וואַרים א. אַ. וו.

אַדאָרט איז מיר פֿרעהלעך (מ. ר.). וואויל איז דעם, וואָס קומט צו אַ גרייטער שיסעל. (שפּר.), מסתמא, טוט איהר וועה, אַז זי וויל דערפֿון ניט רעדען. (ש. ע.).

4) בײַ יענע אייגענשאַפֿטווערטער, וואָס בעדײַטען בעקוועמליכ־קײַט, נאָהנטקײַט, ווײַטקײַט אַ. אַ. וו.: מיר איז בעהילפֿיג, בעקאַנט, בעוואוסט, עקעלהאַפֿט, נייטיג, פֿרעמד, נאָהנט, גלײַך, אונטערטעניג, פֿערדעכטיג, וויכטיג אַ. אַ. וו.

אַדאָ איז קיין יודישער מלך מיר גלײַך. (מ. ר.). גענוג וועה איז דאָך דעם עלענדען אין דער פֿרעמד, נעבעך; נאָר וועה און ווינד איז נאָך פֿיעל מעהר יענעם, וואָס איז עלענד בײַ זיך אין דער היים. (מ. מ. ס.). נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט אײַך שוין זײַן רעכט, אַז אפרים קלאָץ... האָט באַלנגעקוקט נאָך מיר. (ש. ע.).

אַקוזאַטיוו. מיט׳ן אַקוזאַטיוו הערשען אַלע איבערגעהענדיגע צײַט־ווערטער: שנײַדען, האַקען, רײַסען, שמײַסען, געבען, שרײַבען, שיקען און אַנד.

גאָט גיט טרוקענע, שענע פּאָגאָדע. (מ. מ. ס.). אין אַ קורצער צײַט אַרום וואָלט זי איהם פֿערגעסען. (מ. מ. ס.). די שטוב האָט בעקומען גאָר אַנ׳אַנדער חן. (א.). פֿרעגט מען איהם, קנײַטשט ער אַמן דעם שטע־רען. (א.). אַ שווערע זאָרג קוועלט דאָס הארץ. (נ.). דײַן בריעף

האָב איך ערהאַלטען. (פּ.). אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען געבראַכען טעלער. (ש. ע.).

## װײַטערע הערשונג.

§ 38. די װײַטערע הערשונג קען מען אײַגענטלעך אָנרופֿען די הערשונג פֿון בײַװערטער; אַלע בײַװערטער הערשען אין יודיש מיט'ן דאַטיװ.

דאָס, װאָס יענע בײַװערטער, װעלכע פֿאָדערן אין דײַטש דעם גענעטיװ, הערשען אין יודיש מיט'ן דאַטיװ, דאָס איז פֿערשטענדלעך, װאָרים דער גענעטיװ איז אין יודיש צוזאַמענגעפֿאַלען מיט'ן דאַטיװ. (די פֿאָרם אויף ס — דעם פֿאָטערס קינד, דעם פֿערדס פֿוס — איז אַ ספּעציעלע פֿאָרם פֿון אָנגעהעריגקײַט צו לעבעדיגע װעזען און קען ניט גערעכענט װערען פֿאַר אַ נאָרמאַלען גענעטיװ). נאָר אַפֿילו יענע בײַװערטער, װאָס פֿאָדערן אין דײַטש דעם אַקוזאַטיװ, הערשען אין יודיש אויך מיט'ן דאַטיװ. צ. ב., איך טרעט אַרוים געגען דיר. פֿון „דו" האָבען מיר אין יודיש דעם אַקוזאַטיװ — דיך. פֿונדעסטװעגען זאָגען מיר אין יודיש ניט „געגען דיך", נאָר „געגען דיר". (געגען פֿאָדערט נאָך זיך אין דײַטש דעם אַקוזאַטיװ).

נאָך בעסער קענען מיר אַרויסזעהען דעם כּלל בײַ די װײַבלעכע און מיטעלע װערטער. (אין מענלעכען געשלעכט איז דער אַקוזאַטיװ צוזאַמענגעפֿאַלען מיט'ן דאַטיװ), װאו דער אַקוזאַטיװ איז אַנדערש פֿונ'ם דאַטיװ: ער איז גלײַך מיט'ן נאָמינאַטיװ. מיר זאָגען: אָהן דער האַנד. („אָהן" פֿאָדערט אין דײַטש דעם אַקוזאַטיװ), האָטש דער אַקוזאַטיװ פֿון „די האַנד" װעט זײַן „די האַנד" ניט „דער האַנד". איך געה דורך דער גאַס, ביז דער טיר (די בײַ-װערטער „דורך" און „ביז" הערשען אין דײַטש מיט'ן אַקוזאַטיװ).

אין מיטעלען געשלעכט זאָגען מיר: איך קוק דורכ'ן (דורך דעם) פֿענסטער; פֿאַר'ן קינד, דורכ'ן טירעל, אָהנעם פֿערדעל, געגען דעם קינד, געגען דעם לעבען, געגען דעם װאָרט, אָהנעם װאָרט. דער אַקוזאַטיװ פֿון די אַלע װערטער איז — דאָס פֿערדעל, דאָס לעבען, דאָס װאָרט א. א. װ. אין די געבראַכטע בײַשפּילען האָבען מיר אומעדום דעם דאַטיװ.

דער װאָרעם זאָל פֿאַר איהם זײַן צו דער צײַט. (מ. מ. ס.). ר' רפֿאל

האָט איהם איבערגענעבען די גאַנצע מעשה מיט הערשעלען. (מ. מ. ס.). דאָס וואָלקענדעל פליהט אויף אַ ווײַלע פערבײַ דער ליכטיגער זון. (מ. מ. ס.). אַ גאַנצען טאָג איז זײַן פּנים אין דער היים ניט געווען. (מ. מ. ס.). ווי קומט עס אַזוינס צו אַ יודישער טאָכטער. (מ. מ. ס.). קײַן זאַך קען ניט בעשטעהן אַ קענגען דער פרנסה. (מ. מ. ס.). בײַ'ם טיש האָט ער געטראָפען אַ יודען אין אַ לאַנגען פּוטער, מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער באָרד. (א.). די סוחרים זענען געזעסען שטיל בײַ'ם עסען. (א.). אָ, גאָט, איך בעט בײַ דיר מיט טרעהרען. (מ. ר.). איך לויף אַרוים אויף דער גאַס.

אַנ'אויסנאַהם צו'ם געבראַכטען כלל, קען זיך אויסווײַזען, שטעלט פאַר דאָס בײַוואָרט „פון וועגען". (פון דעם קינד'ס וועגען, פון דער מאַמעס וועגען). מע דאַרף זיך אָבער אויפמערקזאַם מאַכען, אַז די צווייטע טייל פונ'ם בײַוואָרט — „וועגען" שטעהט נאָכ'ן הויפטוואָרט און אַז דאָס דאָזיגע בײַוואָרט ווערט געבראַכט בעזונדערס בײַ לעבעדיגע זאַכען. ס'איז קלאָר, אַז אויף די געבראַכטע בײַשפּילען דאַרף מען קוקען ווי אויף אַנאַלאָגיעס צו די אָנגעהעריגקײַט־פאָרמען אויף ס.

בכלל דאַרף מען זאָגען, אַז די ווײַטערע הערשונג פערנעהמט אין יודיש דאָס הויפט־אָרט און איז אײַנע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון יודיש.

## די פערנײַנונג.

§ 39. יעדער זאַץ־גליד קען בײַ זיך האָבען אַ פערנײַנונג, וואָס ווײַזט, אַז די טואונג, דער צושטאַנד, די אײַגענשאַפט אָדער די זאַך ווערט פערלײַקענט.

אויב ס'ווערט אָבגעלײַקענט אַ צײַטוואָרט, איז די פערנײַנונג — ניט, נישט, וואָס ווערט געשטעלט נאָכ'ן צײַטוואָרט, אויב ס'איז אַנ'אײַנפאַכע פאָרם, און צווישען הילפס־צײַטוואָרט און צײַטוואָרט, אויב ס'איז אַ צוזאַמענגעזעצטע פאָרם.

איך זעה ניט, וועלכער וועג עס פיהרט מיך דאָרט, וואו ס'וועט די זון מיר ענדליך האָל ערשײַנען. (מ. ר.). קײַן גרויסע הנאה האָט רבקה ניט געהאַט דערפון. (פ.). דאָך ס'האָט זיך ניט געבויגען אַ נשמה פאַר אַ סצעפּטער. (מ. ר.). און די צײַט שטעהט ניט, ער רוהט נישט. (פ.).

אַז ס'ווערט בײַ'ם צײַטוואָרט אָבגעלײַקענט אויך אַ הויפטוואָרט, און

בײַ דעם הויפטוואָרט וואָלט געדאַרפט שטעהן דער אומבעשטימטער אַרטיקעל, איז די פערנײַנונג — קײן, קײן שום.

אויף באַנטשיעס ברית האָט מען קײן ווײַן ניט געטרונקען. (פ.). ניט קײן קריגס-שיף איז זי, ברידער! ניט קײן פאַנצער-שיף, אַ נײן! (ס. ר.). נאָר צו'ם גליק איז קײן ווינד בשעת שרפה נישט געווען. (פ.).

אויב בײַ'ם הויפטוואָרט שטעהט דער בעשטימטער אַרטיקעל אָדער בכלל אַ וואָרט, וואָס בעשטימט דאָס הויפטוואָרט, ווערט „קײן" ניט געברויכט.

אונזער אחדות שטעקט נישט אין דער ערד. (פ.). די מײדלעך דאַרפען זיך נישט די האָהר צו פערשטעלען. (פ.). און אז איך זאָג, אז איהר קענט נישט אַפילו דעם הײַנטיגען דור, מײן איך אין אײן וועגס, אז איהר קענט אײַך אַלײן נישט; און אַז איך זאָג, איהר פערשטעהט ניט דעם הײַנטיגען טאָג, הײסט עס אויך, אַז איהר ווײסט נישט, וואָס איהר אַלײן טוט. (פ.).

אַנשטאָט „קײן" קען געברויכט ווערען דער אומבעשטימטער אַרטיקעל — אַ, אַן, אויב אויפ'ם וואָרט, פאַר וועלכען „קײן" דאַרף שטעהן, פאַלט דער טראָפּ.

אַ גראָשען איז אין שטוב נישטאָ. אַ לעבעדיגען מענטשען זעהט מען נישט אויף דער גאַס.

אויב ס'ווערט פערלײקענט אַ הויפטוואָרט אַלײן אָהן אַ צײַטוואָרט, איז די פערנײַנונג — אָהן.

מיט דעם וואַנדערשטאַב אין האַנד, אָהן אַ הײם און אָהן אַ לאַנד, אָהן אַ גואל, אָהן אַ פרײַנד, אָהן אַ מאָרגען, אָהן אַ הײַנט... (ס. ר.). און מיר זענען יודען, פערוואָגעלטע יודען אָהן פרײַנד און אָהן פרײדען, אָהן האָפנונג אויף גליק. (ס. ר.). אַ שטוב אָהן בעטען, אָהן כלים. (פ.).

ווען די פערלײקענונג שטעהט זעלבסטשטענדיג, אַלײן, קלינגט זי — נײן.

נײן! איך קען פון פרעמדע לענדער ניט בעטלען געהן טהײם מיט שאַנד. (ס. ר.).

אין יודיש קענען זײַן עטלעכע פערנײַנונגען אין זאַץ, און דער זאַץ היט אָב דעם נעגאַטיווען האַראַקטער. (אין דײַטש איז פערקעהרט)

איך האָב ניט קײן שום בוך, ער איז ניט קײן אַרבעטער.

## ווערטער-אָרדנונג אין אײַנפאַכען זאַץ.

§ 40. אין יעדער שפּראַך איז דאָ אַ געוועהנליכע אָרדנונג פון

ווערטער אין זאץ, וואס גילט דעמאָלט, ווען די רייד קומען פאַר ביי געוועהנליכע בעדינגונגען. אזא אָרדנונג הייסט די גלייכע. ביי געוויסע שטערונגען קען דאס אָרט, וואס די פערשידענע זאץ-גלידער פערנעהמען, געביטען ווערען. דעמאָלט האָבען מיר די פערקעהרטע ווערטער-אָרדנונג.

## דערצעהלענדער זאץ.

§ 41. אין דערצעהלענדעם זאץ איז די געוועהנליכע, גלייכע אָרדנונג פון די הויפט-גלידער אַזאַ: זאַך-וואָרט, בינדונג (אויב זי איז דאָ), זאָג-וואָרט.

אַ דייטש איז געקומען פון דאַנציג מיט פאָסט. (פּ.). מיר געהען וואַטער נאָך חנוכה-געלד צו אונזער שוועסטער איידעל. (ש. ע.). איך בעטראַכט די ויצוגנג פון קעניג אַחשורוש. (ש. ע.).

די פערקעהרטע אָרדנונג איז: בינדונג (אויב זי איז דאָ) זאַך-וואָרט, זאָג-וואָרט; אָדער: זאָג-וואָרט, זאַך-וואָרט.

די דאָזיגע אָרדנונג ווערט אין דערצעהלענדעם זאץ געברויכט אין אַזעלכע פאַלען:

1) אויב דער זאַץ הייבט זיך אָן מיט אַ ביינליד.

פלוצלינג וואַקסט פאַר מיר אויס, ווי פון דער העלער הויט, אַ פאַלאַץ. (מ. מ. ס.). אין הויף איז איצט גאָר אַן אַנדער לעבען. (א.). אין עק הימעל שוואַרצט זיך דאָס בעריהמטע וועלדעל. (פּ.).

2) אויב דער זאַץ הייבט זיך אָן מיט'ן נאָמענוואָרט ס', עס, סע.

עס נעהמט מיך שטאַרק אָן דער יצר-הרע. (מ. מ. ס.). עס פאַלט אויף מיר אָן אַ גרויסער פּחד. (פּ.). עס איז אַ פאַר-פּורים-טאָג. (א.).

3) אין בעמערקונג-זאַץ איז געוועהנליך די פערקעהרטע ווערטער-אָרדנונג.

„מאַמע!" האָב איך אויסגערופען: „עס איז היינט שוין גאָר אַן אַנדער וועלט". (מ. מ. ס.). „וואַרט" זאָג איך צו מיין שכן: „מיר וועלען פון נייעם אויך אפשר שטועסען". (פּ.).

ס'קען אָבער אין בעמערקונג-זאַץ אויך זיין די גלייכע אָרדנונג.

„קומט", איך בעט אייך, „צום טיש". (מ. מ. ס.).

4) די פערקעהרטע אָרדנונג ווערט אויך געברויכט, ווען מע וו...

ציהען די בעזונדערע אויפמערקזאמקייט אויפ'ם זאג-וואָרט, און מע שטעלט עס אויפ'ם ערשטען אָרט.

קוממ גאָלדע און נעהמט ארויס די אינדיקשקעס פון דער מאמעס הויף און טראָגט זיי צו זיך אהיים. (א.). נעהמט די מאמע דער שנור'ס אינדיטש-קעס און גיט דער טאָכטער אוועק. (א.). געוועזן איז עס אים שבת-צו-נאכטס פון דעם יאָהר-רעכענונג. (א.).

## אויסרוף-זאַץ.

§ 42. אין אויסרוף-זאַץ איז געוועהנליך די פערקעהרטע אָרדנונג, ד. ה., פריהער דאָס זאָג-וואָרט, דערנאָך דאָס זאַך-וואָרט.

געלויבט איז דער בורא! (מ. מ. ס.). און ווי עהנליך די הייזליך זעגען צו די איינוואוינער! (פ.).

ס'קען אָבער אויך זיין די גלייכע אָרדנונג.

אזא יונג איז דאָס! אַ, וואָס אזא יונג קען. (א.).

## פרעג-זאַץ.

§ 43. אין פרעג-זאַץ איז די פערקעהרטע ווערטער-אָרדנונג.

וואָס שאַדט עס? געהן מעג איך דאָך! (פ.). „נו, וואָס מאַכען דאָרט מיינע העלצליך?" (א.).

עס קען אָבער זיין די גלייכע.

„די טראַטוועס זעגען נאָך איינגעפרוירען אין איינ?" (א.).

איהר האָט עפּעס ליעב יודען? (פ.).

## בעפעהלענדער זאַץ.

§ 44. אין בעפעהלענ־עם זאַץ איז געוועהנליך די פערקעהרטע אָרדנונג.

שבת מעג ער אויך קומען צו מיר! (פ.). „פיהרט (איהר) איהם אין בית-המדרש אַריין!" מאַכט הערשעל היטעלמאַכער. (פ.). שטופּ זיך (דו) ניט מיט דעם קראַנקען קאָפּ אין דער היץ אַריין. (שפר.).

## אָרדנונג פון ביי-גלידער.

§ 45. די זאַך-בעשטימונג, וואָס איז אויסגעדריקט דורכ'ן איינענ-

שאַפּטוואָרט, ווערט געוועהנליך געשטעלט פאַר'ן וואָרט, צו וועלכען זי געהערט. די זאַך־בעשטימונג קען אָבער שטעהן אויך נאָכ'ן וואָרט, אויף וועלכען זי בעציהט זיך.

אַנ'*אַלטער* בית־עולם, *צוואָרפענע* קברים, *בעגראָבענע* גליקען און צרות. (ס. ר.). פאַר אַ *גוטער* שטיפמוטער שטעהט אַ *גאָלדענע* *שטוהל* אין גן־עדן. (שפר.). אָט וואו ניט וואו חלומ'ט אַ ווערבע אַ *שטילע*. (ס. ר.).

אַ זאַך־בעשטימונג, וואָס איז אויסגעדריקט מיט אַ הויפּטוואָרט שטעהט נאָכ'ן וואָרט, צו וועלכען זי געהערט. אַנ'אויסנאַהם שטעלט פאָר דער גענעטיוו אויף ס.

*גאָט'ס* וועלט איז איינגאַנצען אין שנעה פערטרונקען. (א.).

פון איבער דער שאַנק בלישטשעט אַראָב אַגרי'סע חנוכה־לאָמפּ מיט אויסגעשניצטע *בלומען־רעהרען*. (פ.). יענע וואָך איז נאָך דאָ געזעסען אַ מלמד אין אַ קאַפּטאַן מיט *סטראָקעס*. (פ.).

די זאַג־בעשטימונג שטעהט געוועהנליך נאָכ'ן צייטוואָרט, צו וועלכען זי געהערט. דאָסזעלבע דאַרף מען זאָגען וועגען דער אומשטאַנד־בעשטימונג. די זאַג־ מיט דער אומשטאַנד־בעשטימונג קענען אָבער אויך שטעהן פאַר'ן וואָרט, אויף וועלכען זיי בעציהען זיך.

ווידער נעהמט דער פריהלינג מאָלען מיט זיין *פענזעל*. (ס. ר.). מיט'ן שטן טאָר מען זיך ניט *שפּיעלען*. (שפר.). עס שיט זיך פון *איהם*, ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק. (שפר.). איטלעכער שענקער לויבט זיין ביער. (שפר.). די סעודה הייבט זיך אָן מיט *הערינג*, *קילקעס*, *סאַרדינען*. (פ.). ער עסט *שוויי*־*גענדיג*, מיט ערנסט איינגעצויגענע שטערען און ברעמען. (פ.).

יעדער זאַץ־גליד קען פערנעהמען דאָס ערשטע אָרט, ווען מע וויל אויף איהם ציהען אַ בעזונדערע אויפמערקאַמקייט.

*צוגעלאָזט*, *בערייד עווודיג* איז דער טאַטע געווען נאָר אין אַזעלכע געוויסע פעל, ווען... (ס. מ. ס.). *חתונה* האָבען וויל אויך יוסעלע דער ישיבה־בחור... (פ.), *אומגעוואַנדערט* און געוואָגעלט האָב איך אין דער פרעמד פיעל יאָהרען. (ר.).

די פערניינונג ביי'ם צייטוואָרט שטעהט נאָך איהם, אויב ס'איז אַנ'איינפאַכע פאָרם; און צווישען הילפס־צייטוואָרט און דעם געבויגענעם טייל, אויב ס'איז אַ צוזאַמענגעזעצטע פאָרם (זעה § 39). ביי אַנדערע רעד־טיילען שטעהט די פערניינונג געוועהנליך פאַר'ן וואָרט, וואָס ווערט פערלייקענט.

מיט אַ לעפעל קען מען דעם ים *ניט* אויסשעפּען. (שפר.). נאָר *ניט*

אזוי איז געװען אויף יענער װעלט. (פ.). מיט יידן קען מען גאר קײן צײַט ניט געבען. (פ.). ניט קײן קריגס-שיף איז זי, ברידער! (ס. ר.).

אין פוילען קען מען צײַטענווײַז הערען אזא בעזונדערקייט: די פערנײַנונג ווערט, ווי געוועהנליך, געשטעלט נאָכ'ן הילפס-צײַטוואָרט, אָבער די זאָג-בעשטימונג שטעהט האַרט נעבען דערפערנײַנונג; דערפאַר קריגען מיר דעם אײַנדריק, ווי די פערנײַנונג וואָלט זיך בעציגען בלויז אויף דער זאָג-בעשטימונג.

ווער ס'האָט ניט דעם טישוויצער רב'ס שלאָפראָק געזעהען, וועט קיינמאָל ניט וויסען, פאַרוואָס די רבי'צען... טראָגט שוין אַ פּאָר גרויסע ברילען אויף דער נאָז. (פ.).

פון עגמת נפש האָט ער ניט דעם שאָפען-פעלץ אויסגעטאָן... (א.).

## צוּנויפגעצויגענער זאַץ.

§ 46. אזאַ זאַץ, אין וועלכען ס'זענען פאַראַן עטלעכע גלײַכאַרטיגע זאַץ-גלידער און אַ געמײַנזאַמער זאַץ-גליד, וואָס בעציהט זיך אויף די עטלעכע גלײַכאַרטיגע, הײַסט צונויפגעצויגענער. יעדען צונויפגעצויגענעם זאַץ קען מען פאַנאַנדערלײַגען אויף עטלעכע זעלבסטשטענדיגע, אײַנפאַכע זאַצען. צ. ב., דער זאַץ

„דער רב גיט אַ רײַס אויף די טיר און געהט אַרויס" (א.)

ענטהאַלט צוויי גלײַכאַרטיגע זאַץ-גלידער, צוויי זאָג-ווערטער: „גיט אַרײַס אויף" און „געהט אַרויס". דעם דאָזיגען זאַץ קען מען פאַנאַנדערלײַגען אויף צוויי אײַנפאַכערע זאַצען:

1) דער רב גיט אַ רײַס אויף די טיר. 2) דער רב געהט אַרויס.

ס'איז געווען אַמאָל אַ'בעלגוי; ניט געקענט די וועלט אפילו, ניט געזעהן אין קלאַס. (פ.). ער וועט האָלץ האַקען, קאָכען, באַקען, גרעט וואַשען. (פ.). אַ גוטער מאָרגען זאָל קומען אויף דעם מחותן מיט דער מחותנת'טע, אויפ'ן חתן מיט דער כלה, אויף אַלע מחותנים פון ביידע צדדים און אויף אַלע ליבע פרײַנד... (ש. ע.). וואו ערגעץ אַ פעטש שטיקעל פלייש, אַ מאַרכעריג בײַנדעל. אַ געשמאַקע זאַך, — אַלץ רחל'ען. (ש. ע.). אין דעם נאַכטיגאַלען-טרילער קען איך, אין דעם ברום פון ליוב. (ס. ר.).

## אָבשטעלונג-צײַכענס אין דעם צונויפגעצויגענעם זאַץ.

§ 47. גלײַכאַרטיגע זאַץ-גלידער אינ'ם צונויפגעצויגענעם זאַץ ווערען אָבגעטײַלט מיט אונטערשטריכען.

באַלד דערזעה איך פאַר מיר גאַנצע מחנות רוחות, לצים און אַלע מיני שדים און מזיקים, צווישען זיי אויך מכשפים, טאַשענשפּילער, פּאָקוסניקעס, שפּרעכער פון אַלערליי נאַציעס. (מ. מ. ס.). ביידע זענען צו'הרג'עט, צובײַלט; ליגען פערדולט, בלייך, ווי די וואַנד. (מ. מ. ס.). אויף מאָרגען האָט גאָט אַרויסגעצויגען די זון פון איהר פוטערפאַס און האָט אונז געשענקט אַ שענעם, אַ ליכטיגען, אַ פּו-ע-הלעכען ווסער-טאָג. (ש. ע.). סאַוויציקי האָט דאָס ערשטע מאָל אויסגעשפּיגען, דאָס צווייטע מאָל געוואָרפען אַ בייזען, אַנטיסעמיטישען בליק, דאָס דריטע מאָל גראָבט געקוקט אין די אויגען אַריין, שפּעטער אַ לײַכטען שמייכעל געטאָן און ערשט הײַנט דאָס ערשטע מאָל איהם אָנגעחאַפּט בײַ'ם אַרבעל. (פּ.). עס פּײַפט, עס קראַכט, עס וועצט, עס קנאַקט, עס יאָגט אַנ'עקסטרא-פּאָסט פון טראַקט. (פּ.).

אויב די גלייכאַרטיגע זאַץ-גלידער זענען פערברייטערט, טײַלט מען זיי אָב מיט אַ פּינטעלע און אַ אונטערשטריך.

אַ קאַטאָוועס צו זאָגען, אַ גאַנצע צײַט כסדר, הויך אויף אַ קול אַרײַנ'חזר'ן אַ מעשה עפּעס מיט אַ גבור, וואָס האָט אויסגעראָמט זעקס און דרײַסיג שטאַלען פון פערד; אַ מעשה פון אַ סאָלאָוויי-ראָזבוינִיק; אויך מיט אַ בעריהמטען ריצער, וואָס פלעגט אויסטרינקען אַ גאַנצען ירדן מיט בראָנפען און אויסרײַסען גרויסע דעמבענע בוימער אַזוי גרינג, ווי אַ האָר; מעשיות פון אַ מכשף קאַשטשיי און פון עפּעס אַ באָבע יאַהאַ, וואָס האָבען געקעהרט די וועלט, און וואָס זייערע פערד האָבען געערדט, ווי מענטשען; מעשיות פון אַ שטיפמוטער, וואָס האָט איהר זון פערשטעלט אין אַ צאַפּ. (מ. מ. ס.).

אויב יעדער גליד ווערט פעראייניגט מיט אַ בינדוואָרט, ווערט פאַר יעדען געשטעלט אַנ'אונטערשטריך; אויב אַ בינדוואָרט שטעהט בײַ'ם לעצטען גליד, ווערט פאַר איהם קיין אונטערשטריך ניט געשטעלט.

דער אַשמדאַי לאָזט מיך אָב פרײַ און הייסט מיר זיך דורכגעהן אַ ביסעל שפּאַצירען. (מ. מ. ס.). פאַר אַ שטיל וואַסער, פאַר אַ שטילען הונד און פאַר אַ שטילען שונא זאָל מען זיך היטען. (שפּר.).

# מיטשטימונג אין צונויפגעצויגענעם זאַץ.

## א. מיטשטימונג פונ'ם זאָג-וואָרט.

§ 48. אויב אַ זאָג-וואָרט בעציהט זיך אויף עטלעכע זאַך-ווערטער, שטעהט עס אין דער מעהרצאָהל.

גוטע נאַכבאַרע, מענטשען, יודען, קריסטען — ווייזען לאַנג די גאַנצע גאַס. (פּ.).

מײַן איבערגעבליבענע אויסער דער שטאָט, די נסיעה און דאָס קינד מיט די פֿליגל זענען נאָר אַ חלום געווען. (פּ.)

דאָס זאָג־וואָרט קען אָבער מיטשטימען נאָר מיט איין זאַך־וואָרט, און דעמאָלט שטעהט עס אין איינצאָהל.

און פֿון שטיבעל רײַסט זיך יאָמער און געשריי. (ר.) און עס איז געוואָרען איין הארץ, איין נשמה. (א.) עס האָט זיך אויפגעחאַפּט איטלעכס גרעזעלע, איטלעכס צווײַגעלע, איטלעכס בלעטעלע. (מ. מ. ס.) קראַצען און באָרגען איז נאָר גוט אויף אַ וויַל. (שפּר.) בײַ'ם טאַטען אויפ'ם פּנים איז געווען אָנגעצייכענט גדלות און פֿערגעניגען. אויפ'ם רבי'נס פּנים איז געשטאַנען מורא און פּחד... (ש. ע.)

## ב. מיטשטימונג פֿון דער זאַך־בעשטימונג.

די זאַך־בעשטימונג, וואָס איז אויסגעדריקט מיט'ן איינענשאַפֿט־וואָרט אָדער מיט אַ וואָרט, וואָס האָט די ענדונגען פֿון אַן איינענשאַפֿט־וואָרט, שטימט מיט די ווערטער, צו וועלכע זי געהערט און שטעהט אין מעהרצאָהל.

איהרע פֿאָטער און מוטער האָבען זי געהאַלטען פֿאַר איינע אַ גליקלעכע. (ש. ע.) ער עסט שווײַגענדיג, מיט ערנסט־אײַגעצויגענע שטערען און ברעמען. (פּ.)

די זאַך־בעשטימונג קען אָבער מיטשטימען מיט איין וואָרט און שטעהט אין איינצאָהל.

איהר פֿאָטער און מוטער האָבען זי געהאַלטען פֿאַר איינע אַ גליקלעכע.

מײַן באָבע און זיידע זענען געווען פֿרומע מענטשען.

# סינטאקסיס פונ׳ם צונויפגעזעצטען זאץ.

## איינפאכער זאץ. צונויפגעזעצטער זאץ. זאץ־פערבינדונג.

§ 49. א זאץ, אין וועלכען ס׳איז דא, ניט מעהר, ווי צו איין זאץ־גליד פון געוויסען מין, און וועלכער דריקט אויס א גאנצען, זעלבסט־שטענדיגען געדאנק, הייסט איינפאכער זאץ.

אויב א זאץ בעשטעהט פון עטליכע איינפאכע זאצען, הייסט ער צונויפגעזעצטער זאץ. דער שטייגער צו פעראייניגען עטליכע איינפאכע זאצען אין איין צונויפגעזעצטען הייסט פערבינדונג.

### ארטען פון דער פערבינדונג.

§ 50. לויט דעם, ווי אזוי ס׳בעציהען זיך די געדאנקען איינער צו׳ם צווייטען אין די איינפאכע זאצען ביי דער פערבינדונג, קען מען אונטערשיידען אזעלכע ארטען פון דער פערבינדונג: 1) צונויפשטעלונג, 2) געגענזעצונג, 3) פאנאנדערטיילונג, 4) בעגרינדונג.

### צונויפשטעלונג.

§ 51. צונויפשטעלונג הייסט אזא פערבינדונג פון זאצען, ווען די געדאנקען, וואס זענען אין די זאצען אויסגעדריקט, זענען ניט סותר איינער דעם אנדערן, ווען איינער זאגט ניט ארויס עפעס, וואס זאל געהן געגען דעם צווייטען.

ביי דער צונויפשטעלונג קענען די זאצען זיין פערבונדען דורך פאלגענדע בינדווערטער: 1) און, ניט — ניט, אי — אי, פונקט אזוי — ווי; 2) פריהער, פון אנהייב, דערנאך, ענדלעך; ערשטענס, קודם, צווייטענס, דריטענס; דא — דא; ווער — ווער; דער — דער.

ניט איין בעל־הבית האט אויף איהר אנ׳אויג געווארפען, ניט איין בעל־הבית׳יש קינד האט געוואלט פון איהר א שפילעכעל מאכען. (פ.). די לבנה איז ארויס פון אונטער די וואלקענס. א ווייל איז געווארען העל; די קאזארמעס האבען זיך ארויסגעזעהען. און עפעס מענטשען זענען געגאנגען. (נ.). די גאנצע נאכט איז זי דורכגעלעגען מיט פערמאכטע אויגען, און אין איהר קאפ האבען זיך געטראגען אומקלארע בילדער און געדאנקען. (נ.). ווידער בליהט עס אויף די פעלדער, ווידער גרינט עס אין די וועלדער, ווידער גלאנצט עס איבעראל, ווידער זינגט די נאכטיגאל. (מ. ר.).

## פֿאַנאַנדערטײלונג.

§ 52. פֿ אַ נ אַ נ ד ע ר ט ײ ל ו נ ג הײסט די פֿערבינדונג פֿון אַזעלכע זאַצען, וואָס די טואונגען, וועלכע זענען אין זײ אויסגעדריקט, קומען פֿאָר ניט אײנצײטיג, ניט מיט אַ מאָל, אָבער יעדע פֿון זײ איז מעגלעך. די זאַצען ווערען דערבײ פֿעראײניגט דורך: אָ ד ע ר — אָ ד ע ר, צ י — צ י, אַ מ אָ ל — אַ מ אָ ל, ס ײ — ס ײ, א פ ש ר — א פ ש ר, ט אָ מ ע ר — ט אָ מ ע ר און אַנד.

אפשר בין איך גאָר ניט איך? טאָמער בין איך אין דער האַנד פֿון אַני־אַנדער כח, וואָס לעבט אין מיר?... (מ. מ. ס.). אפשר זיצט אין מיר אײנע פֿון די הויכע נשמות — שלמה המלכ׳ס נשמה, אַ שטײגער!... אָדער אפשר זיצט אין מיר אַן׳אַנדער גרויסע נשמה? (מ. מ. ס.). אָדער ס׳וועט הײנט געהן אַ רעגען, אָדער ס׳וועט אויסברעכען אַ שטורם... אַז ס׳איז געקומען צו׳ם ווײגער מיט דער קײט, האָט ער זיך געטראַכט, וואָס זאָל ער טאָן מיט זײ: צי זאָל ער זײ פֿערקויפֿען, צי זאָל ער נעהמען זיך דעם ווײגער און דאָס קײטעל אַוועקשענקען בלומקען, צי אפשר זאָל ער גאָר איבערמאַכען דאָס קײטעל אויף אויערינגלעך מיט אַ בראָש פֿון בלומקעס וועגען? (ש. ע.).

## געגענזעצונג.

§ 53. ג ע ג ע נ ז ע צ ו נ ג הײסט די פֿערבינדונג פֿון אַזעלכע זאַצען, די געדאַנקען פֿון וועלכע שטעלען פֿאָר אַ געגענזאַץ אײנער צו׳ם צווײטען. בײ דער געגענזעצונג ווערען די זאַצען פֿערבונדען דורך: נ אָ ך אָ ב ע ר, ד ע ר פֿ אַ ר, א ו ן, ד ע ר ו ו ײ ל ע, פֿ ו נ ד ע ס ט וו ע ג ע ן און אַנד.

זי קעמט זײ (די האָהר) און קרײזעלט און פֿלעכט זײ קאָקעט, און סמאַליגט זיך און רויבערט אין בעט. (פּ.). אַלע טויערן זענען פֿערמאַכט, נאָר דער טויער פֿון רחמים בלײבט אָפֿען. (שפּר.). אַ „יוד" איז דאָס קלענסטע בעשעפֿעניש, אָבער אַלעמען גרויס אין די אויגען. (שפּר.). ס׳געהען צווײ ווײבער הינטער דער שטאָט: אײנע אַ הויכע, שוואַרצע יודענע, מיט בײזע אויגען, שוואַרצע הילכדיגע טריט; די צווײטע אַ דאַרע, אַ בלאַסע, קלײנע יודענע מיט אַראָבגעלאָזטען קאָפּ. (פּ.). דאָס אויג איז קלײן, און דאָך זעהט עס די גאַנצע וועלט. (שפּר.). אומזיסט איז בײ דער טויט, דאָך קאָסט עד דאָס לעבען. (שפּר.).

## בעגרינדונג.

§ 54. ב ע ג ר י נ ד ו נ ג הײסט אַזאַ פֿערבינדונג פֿון זאַצען, וועןּ

איינער איז אַן׳אויספֿאָלג פֿונ׳ם אַנדערן, אָדער איינער איז אַן׳אורזאַך פֿאַר דער טואונג, וואָס קומט פֿאַר אין צווייטען. די בינדווערטער, וואָס פֿעראייניגען די זאַצען ביי דער בעגרינדונג, זענען: אַלזאָ, היינט, ווייל, און.

איך האָב נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויף דער אַלטיטשקער, און ס׳האָט זיך מיר שוין געדאַכט, אַז עס פֿעהלט איהר באמת גאָרניט. (פּ.). איהר יוגענד אפילו וועלקט מעהר ניט, און זי בלייבט דיזעלבע, ווי פֿאַראַיאָהרען, ווי פֿאַר צוויי יאָהרען. (נ.). און גאָט האָט דאָס שטעטעל גאָר ראַפּטום בעגליקט: ער האָט איהר אַ מחיה פֿון הימעל געשיקט. (פּ.).

## אָבשטעלונגס־צייכענס ביי דער זאַץ־פֿערבינדונג.

§ 55. יעדער זאַץ, וואָס קומט אַריין אין דער זאַץ־פֿערבינדונג, ווערט אָבגעטיילט פֿונ׳ם אַנדערן. אויב די זאַצען זענען ניט איבעריג פֿערברייטערט און דערצו נאָך פֿעראייניגט מיט אַ בינדוואָרט, ווערען זיי אָבגעטיילט מיט אונטערשטריכען.

די מוטער איז געשטאָרבען, די שוועסטער האָט געענדיגט דאָס גימנאַזיום, זי אַליין איז געוואָרען עלטער... (נ.). זי פֿלעגט געפֿעלען, האָט זיך פֿערליעבט, און ס׳האָט זיך פֿאַר איהר אָנגעהויבען דיזעלבע אומרוהיגע צייט, וואָס פֿעליע האָט אַזוי געקענט. (נ.). די מאַמע גיט מיר אין חדר אַריין אַ גאַנצען עפּעל מיט צוויי גראָשען, און אויך דער דיטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קניפּ אין בעקעל. (ש. ע.).

אויב די איינפֿאַכע זאַצען פֿון דער זאַץ־פֿערבינדונג זענען מעהר אָדער וועניגער פֿערברייטערט אָדער זענען ניט פֿעראייניגט מיט קיין בינדווערטער, ווערען זיי אָבגעטיילט מיט אַ פּינטעלע און אַ אונטערשטריך.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זיך סענדער צואויינט, ווי אַ קליין קינד; מרים חיה האָט געכ׳חלש׳ט, און מאַרקוס, וואָס האָט געהאַט זעהר אַ גוט, ווייך האַרץ, האָט זיך געווישט די נאַסע אויגען. (ש. ע.). איך וויל ענטפֿערן, פֿאָלגט מיך ניט די צונג, איך ציטער, ווי אין אַ קדחת; עס וואַרגט מיך אין האַלז; אַ קאַלטער שווייס בעשלאָגט מיך פֿון אויבען ביז אַראָב; עס פּייפֿט מיר אין די אויערן; איך זעה שוין פֿאַר זיך ניט דעם רבין, ניט דעם נאַקעטען „בערעל דעם גנב״, ניט קיין חברים; איך זעה פֿאַר זיך נאָר מעסערלעך. (ש. ע.).

אויב ס׳איז ביי דער בעגרינדונג דורכגעלאָזט דאָס בינדוואָרט ווערען די זאַצען אָבגעטיילט מיט אַ צווייפּונקט.

אונזער שוהל-הויף האָט צוויי געשטאַלטען: אינדערוואָכ׳ן איז ער אַנדערש, שבת און יום-טוב ווידער אַנדערש. (ש. ע.). ווי גאַס און פינסטער איז דער וואַלד, ווי ווייניג בלומען איז געבליבען: איין בינטעל פאַר אַ גאַנצען טאָג האָב איך זיי קוים צונויפגעקליבען. (פר.).

## בײַזאַץ. אונטערטײַלונג.

§ 56. אַ זאַץ-גליד קען אָפט פערברייטערט ווערען אין אַ גאַנצען זאַץ, צ. ב., אין זאַץ: „בײַ מײַן אַרויסגאַנג פון דער היים האָט געגאָסען אַ שלאַקס-רעגען" זענען די ווערטער „בײַ (מײַן) אַרויסגאַנג" אַ געוועהנליכע צײַט-בעשטימונג. זי קען אָבער פערברייטערט ווערען אין אַ גאַנצען זאַץ. מיר קענען זאָגען:

אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער היים, האָט געגאָסען אַ שלאַקס-רעגען.

אַזאַ זאַץ, וואָס פערנעהמט דאָס אָרט פון אַ געוועהנליכען זאַץ-גליד, הייסט בײַזאַץ.

אַזוי ווי דער זאַץ-גליד אײנער אַליין קען ניט עקזיסטירען, וואָרים ער דריקט ניט אויס קיין גאַנצען געדאַנק, אַזוי קען דער בײַזאַץ אויך ניט זײַן אָהן דעם זאַץ, צו וועלכען ער געהערט. דער בײַזאַץ הייסט אָבהענגיגער זאַץ, דער זעלבסטשטענדיגער זאַץ, צו וועלכען דער בײַזאַץ געהערט, הייסט הויפּטזאַץ.

אַ בײַזאַץ צוזאַמען מיט אַ הויפּטזאַץ הייסט צונויפגעזעצטער זאַץ. דער שטייגער צו בילדען צונויפגעזעצטע זאַצען, פעראײניגענדיג אַ הויפּט-זאַץ מיט אַ בײַזאַץ, הייסט אונטערטײַלונג. (ס׳קענען, הייסט דאָס, זײַן צווייערליי צונויפגעזעצטע זאַצען — דורך דער פערבינדונג און דורך דער אונטערטײַלונג).

## פערקירצונג פונ׳ם בײַזאַץ.

§ 57. אַ בײַזאַץ קען פאַרגעשטעלט ווערען אין אַ קירצערער פאָרם. דערבײַ קען דער בײַזאַץ פערבלײַבען אַ זאַץ, אָדער ער קען פערלירען זײַן זאַץ-ווערט, און געהט איבער אין אַ געוועהנליכען זאַץ-גליד. די ערשטע בעדינגונג פון פערקירצונג פונ׳ם בײַזאַץ זאָל מעגליך זײַן, איז, אַז דאָס זאָג-וואָרט אין הויפּט-זאַץ און אין בײַזאַץ זאָל זײַן דאָסזעלבע. מע קען, צ. ב., [illegible] פערקירצען דעם זאַץ: אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען פון

דער הײם, האט געגאסען א שלאקס-רעגען. אויב מיר װעלען פערקירצען, װעט אױנזקומען: גרױסגעהענדיג פון דער הײם, האט געגאסען א שלאקס-רעגען. ד. ה. אז דער רעגען איז ארױס פון דער הײם, האט ער געגאסען.

## ארטען פון בײזאצען.

§ 58. אנשטאט יעדען זאץ-גליד קען מען האבען א בײזאץ. דער-פאר קענען זײן פאלגענדע בײזאצען: 1) זאך-בײזאץ, 2) זאג-בײזאץ, 3) זאך-בעשטימונגס-בײזאץ, 4) זאג-בעשטימונגס-בײזאץ, 5) אומשטאנד-בײזאצען.

## אבשטעלונגס-צײכענס בײ׳ם בײזאץ.

§ 59. יעדער פולער אדער פערקירצטער בײזאץ װערט אױסגע-טײלט מיט אונטערשטריכען, אויב ער שטעהט אין מיטען הויפט-זאץ, און מיט אײן אונטערשטריך, אויב ער שטעהט פאר אדער נאכ׳ן הויפט-זאץ. אויב צו אײן הויפט-זאץ געהערען עטליכע בײזאצען, װאס זענען פערברײטערט אדער װאס זענען ניט פעראײניגט מיט קײן בינדװערטער, װערען די בײזאצען אבגעטײלט אײנער פונ׳ם אנדערן מיט א פינטעלע און א אונטערשטריך.

אז מע האט נעכטען געגעסען, איז מען הײנט ניט זאט. (שפר.). עס דיך אן, אײדער די קלײנע קומען אן; מו דיך אן, אײדער די גרױסע קומען אן. (שפר.). אין „הערשעל דער גרױסער" הױבט אן דערצעהלען א מעשה, װי אזוי בערעל האט זיך דערשלאגען צו ר׳ מאיר-בעל-נס-פושקע, װאס זײן מאמע װארפט אהין אלע פרײטאג פאר ליכט-בענטשען א קאפיקע און אמאל צװײ; װי אזוי בערעל האט זיך דאבײװעט צו דער דאזיגער צדקה-פושקע, אויף װעלכער ס׳הענגט א שלעסעלע; װי אזוי בערעל האט מיט א שטרויעלע מיט סמאלע ארױסגעשלעפט פון דארטען אלע קאפיקעס אײנציגװײז ביז לעצט; װי אזוי די מאמע װײנע, „ולמאי די הײ-זעריגע", האט זיך געחאפט... (ש. ע.).

## זאך-בײזאץ.

§ 60. אזא בײזאץ, װאס פערנעהמט דאס ארט פון א זאך-װארט אינ׳ם הויפט-זאץ הײסט זאך-בײזאץ. דער זאך-בײזאץ װערט פעראײניגט מיט׳ן הויפט-זאץ דורך די נאמענװערטער װער, װאס, װעלכע קענען שטעהן נאר אין נאמינאטיװ. אין הויפטזאץ געפינען זיך: דער, די, דאס, אז און אנד.

װער ס'האָט ניט אין קעשעניע, דער זאָל קײן מקח ניט פרעגן. (שפר.)
װער ס'בעדאַרף אַ סך, קען ניט שפּאָרן (שפר.). װער ס'נעהמט פריבער, שטעלט זיך פּלוצלינג אָב. (ר.). װער ס'ניט לעבען, ניט פון װאַנען צו לעבען. (שפר.)
דאַכט זיך, װעמען דאַרף עס אָנגעהן, למשל, אַז אַ יודיש בחור'ל נעהמט זיך שבת בײַטאָג שפּאַצירען אַביסעלע װײַטער הינטער דער שטאָט? (ש. ע.).

## פערקירצונג פונ'ם זאַך-בײַזאַץ.

§ 61. דער זאַך-בײַזאַץ װערט פערקירצט דורכ'ן

1) אײַגענשאַפטװאָרט, אויב דאָס זאָג-װאָרט פונ'ם בײַזאַץ איז אויס-געדריקט מיט אַנ'אײַגענשאַפטװאָרט.

אַלע משוגעגע שלאָגען יענעם די פענסטער אויס (שפר.) = װער ס'איז משוגע, דער... אַ רויטער איז אַ רמאי (שפר.) = װער ס'איז רויט, דער...

2) מיטעלװאָרט אָדער הױפּטװאָרט, אויב דאָס זאָג-װאָרט איז אויסגעדריקט מיט אַ צײַטװאָרט.

דער געשטאָרבענער איז געװען אַנ'ערלעכער יוד (פ.) = דער, װאָס איז געשטאָרבען, איז...

אַ פערקירצטער זאַך-בײַזאַץ װערט אויס זאַץ.

## זאָג-בײַזאַץ.

§ 62. אַזאַ זאַץ, װאָס פערנעהמט דאָס אָרט פון אַ זאָג-װאָרט אין הױפּט-זאַץ, הײסט זאָג-בײַזאַץ. דער זאָג-בײַזאַץ װערט פעראײניגט מיט'ן הױפּטזאַץ דורך: װאָס פאַר אַ, װאָס, װעמעס, װאוהין, פון װאַנען און אַנד. אין הױפּט-זאַץ געפינט זיך: אַזאַ, דעמס און אַנד.

דער מנהג איז, אַז יעדע שװינגער האָדעװעט אויס אינדיטשקעס אויף פסח און ניט דער שנור. (א.). מײַן רצון איז, אַז די קינדער זאָלען בלײַבען בײַם װאָלד בשותפות (פ.). דער גאַנצער עכוב איז געװען, װאָס מיר האָבען ניט געהאַט דין געלעגענהײַט אַרויסצופאָהרען פון מאַזעפּעװקע (ש. ע.).

דער זאָג-בײַזאַץ װערט ניט פערקירצט.

## זאַך-בעשטימונג-בײַזאַץ.

§ 63. אַ זאַץ, װאָס פערנעהמט דאָס אָרט פון אַ זאַך-בעשטימונג

אין הויפּטזאַץ, הייסט זאַך־בעשטימונג־בייזאַץ. ער ווערט פערייניגט מיט'ן הויפּט־זאַץ דורך דיזעלבע ווערטער, וואָס דער זאָג־בייזאַץ: וואָס, וואָס פאַר אַ, וועמעס, וועלכער און אַנד. אין הויפּט־זאַץ געפינען זיך די ווערטער: דער, אַזאַ און אַנד.

עס פונקלען, שפּילען דאָרט פאַר די אויגען סמאַראַגדען־גרינע וועלדער־פון וועלכע ס'קוקען אַרויס רובין־רויטע פּאָמעראַנצען. (מ. מ. ס.). די גרויסע פּרעסט, אויף וועלכע קהל האָט געוואַרט, זענען ניט געקומען, אָבער די טגפה, אויף וועלכער סאַוויצקי און יאָסעלע האָבען געהאָפט, האָט זיך אויך ניט געוויזען. (פ.). געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, וואָס זעהט צו שוויגענדיג אַלצדינג. (מ. מ. ס.).

אין בייזאַץ קענען נאָך זיין די ווערטער: ווער — אין פערשידענע פאַלען; וואו, וואוהין, פון וואַנען, ווען און אַנד.

אין אַ שענעם, העלען מאָרגען איז דאָס געסעל, וואו סאַוויצקי וואוינט, ליידיג געוואָרען. (פ.). אויף דער זייט, וואוהין דער צוג האָט געדאַרפט אוועקצוגעהן, איז ערשט די זון אונטערגעגאַנגען. (נ.). דאָס אָרט, וואו בלויע אינדען פליגען פליעסען, איז שוין, מיין קינד, פערוויסט, פערשטיינט. (פר.).

## פערקירצונג פונ'ם זאַך־בעשטימונג־בייזאַץ.

§ 64. דער זאַך־בעשטימונג־בייזאַץ ווערט פערקירצט דורכ'ן

1) הויפּטוואָרט. דעמאָלט ווערט דער בייזאַץ אַ פערברייטערטע זאַך־בעשטימונג.

ביי אונז אין ווינשענק האָבען מיר געהאַט אַנ'אָפּטען גאַסט, טשעטשעק דעם קאַפּעלמייסטער. (ש. ע.) = ... געהאַט אַנ'אָפּטען גאַסט, וואָס איז געווען... ביז אַהער איז כתריאל דער וואַסערפיהרער, אַ יוד אַ ברייטביינער... געווען אליין דער וואַסערפיהרער און אַליין דאָס פערדעל. (ש. ע.) = ביז אַהער איז כתריאל דער וואַסערפיהרער, וואָס איז געווען אַ יוד...

2) אייגענשאַפטוואָרט אין דער קורצער פאָרם.

אויף אַ שמאָלען הויפעל. פול מיט מיסט און קויט, שטעהט אַ שוואַרצע מטה און פערצעהלט פון טויט. (ר.). די וועלט איז אַ ים. ברייט אָהן אַ שיער. (פ.). פעלדער, פול מיט פאָמעראַנצען, האָבען אין זיין לאַנד געגלאַנצט. (מ. ר.).

3) מיטעלוואָרט.

מאָגיש איז אַ וואוילער יונג, ר'האָט אַ קעפּעל פייער־פלינק, אָנגעפּילט מיט תורה. (פ.). מענטשען, דערשוויצטע, פערמאַטערטע, האָבען זיך

געאײַלט און געלאָפֿען. (נ.). דער גולם ליגט עד היום בעהאלטען אין פראָגער שוהל אין דער הויך, בעדעקט מיט שפּינוועבס. (פּ.).

4) ס'ווערט דורכגעלאָזט דאָס בינדוואָרט מיט'ן זאָג־וואָרט. דער־בײַ ווערט דער זאַץ אוים זאַץ.

בײַ ר' חיים ראָזענקראַנץ אויפ'ם הויף האָדעווען זיך ווײַטער די אינדיטש־קעס פאר גאָלדען. (א.)=... די אינדיטשקעס, וואָס זענען בעשטימט פאר גאָלדען.

## אָבשטעלונג־צײכענס בײַ'ם פערקירצטען זאַך־בעשטימונג־בײַזאַץ.

§ 65. דער פערקירצטער זאַך־בעשטימונג־בײַזאַץ ווערט אבגע־טײלט נאָר דעמאָלט, ווען ער שטעהט נאָכ'ן וואָרט צו וועלכען ער געהערט; אויב דער זאַץ שטעהט פאר'ן וואָרט, ווערט ער ניט אָבגע־טײלט.

און די ברענענדיגע ליכט און די הענגלײַכטער האָבען שרעקליך הײַז צוגעגעבען. (וו.). שלמה ענטפערט מיט ליגענס, אײַנגער גרעסער פאר דעם אנדערן. (נ.).

## זאָג־בעשטימונג־בײַזאַץ.

§ 66. א בײַזאַץ, וואָס פערנעהמט דאָס אָרט פון א זאָג־בעשטי־מונג, הײסט זאָג־בעשטימונג־בײַזאַץ. ער ווערט פעראײניגט מיט'ן הויפט־זאַץ דורך: ווער, וואָס, אז, דאָס, כדי, וואוהין, פון וואַנען און אנד. אין הויפט־זאַץ געפינען זיך די ווערטער: דאָס, דערמיט און אנד.

ס'זעהט דאָך די מוטער, ווי מאַניש פערשווינדט. (פּ.). דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטען אין הויז הײבען אָן סקריפּען. (פּ.). ער בעט זיך און חלש'ט פאר שדכנים, מע זאל איהם רעדען א שידוך. (פּ.) און קוקענדיג אויף זײַן פנים דעמאָלט, דאכט זיך, אז דער מענטש בעהאלט עפעס פון אלע, אז ער האָט עפּעס צו זאָגען און וויל ניט. (נ.). וואָס איך האָף און וואָס איך וויל, וועל איך אײַך ניט זאָגען. (ר.).

## פערקירצונג פון'ם זאָג־בעשטימונג־בײַזאַץ.

§ 67. דער זאָג־בעשטימונג־בײַזאַץ ווערט פערקירצט דורכ'ן 1) הויפטוואָרט

וועו ער דערמאַנט זיך וועגען דעם גנב'ענען געלד בײַ'ם טאַטען אין שטוב און זײַנע ליגענס... (פּ.) = ווען ער דערמאַנט זיך וועגען דעם, אַז ער האָט געגנב'עט געלד און אַז ער האָט געלײַגט...

2) מיטעלוואָרט און אײַגענשאַפטוואָרט.

אַרויטגען מוז מען יונגערהייד פֿערשרײַבען. (שפּר.) = דעם, וואָס איז רויט, מוז מען... דעם געפֿאַלענעם העלפֿט גאָט. (שפּר.) = דעם, וואָס איז געפֿאַלען, העלפֿט גאָט. דעם געבונדענעם שלאָגט מען ניט. (שפּר.).

3) אונבּעשטימטע פֿאָרם מיט אָדער אָהן „צו".

עפּעס הער איך שטימען ברומען. (ר.) = עפּעס הער איך, אַז שטימען ברומען. ווער האָט געזעהען אַזוי פֿליהען פֿיער פֿערד. (פּ.). דאָס ערשטע מאָל אויף מײַן לעבען האָב איך געזעהן דעם טאַטען וויינען. (ש. ע.).

אַ פֿערקירצטער זאַג־בּעשטימונג־בּײַזאַץ פֿערלירט זײַן זאַץ־ווערט און נעהמט איבער אין אַ געוועהנליכער זאַג־בעשטימונג.

## אינבּעשטימטע פֿאָרם מיט „צו".

§ 68. מיר האָבען געזאָגט, אַז דער זאַג־בּעשטימונג־בּײַזאַץ ווערט פֿערקירצט דורך דער אונבּעשטימטער פֿאָרם מיט „צו". עס הײַסט אָבער נישט, אַז יעדע אונבּעשטימטע פֿאָרם מיט „צו" איז אַ פֿערקירצ־טער בּײַזאַץ. די אונבּעשטימטע פֿאָרם מיט „צו", ווי אַ געוועהנליכען זאַץ־גליד, האָבען מיר אין פֿאָלגענדע פֿאַלען:

1) נאָך אַזעלכע צײַטווערטער, וואָס בּעשטימען די טוּאונג אין דער צײַט (אָנהײבּ, סוף פֿון דער טוּאונג א. א. וו.) אָדער אין דער אַרט (ווי אַזוי די טוּאונג ווערט אויסגעפֿיהרט): אָנהײבּען, פּרואווען, פֿאָרטזעצען, אײַלען זיך, ענדיגען און אַנד. אויך נאָך אַזעלכע צײַטווערטער, וואָס שטעלען מיט זיך פֿאָר אַן ערגאַנצונג צו'ם צווייטען צײַטוואָרט. עס איז צו בּעוואונדערן, האָבּען צו זאָגען, בּעדאַרפֿען צו געהן, בּרענגען צו פֿיהרען און אַנד.

אַנאַר און אַפֿערד האָבען ניט וואָס צו זאָרגען. (שפּר.). צדקה צו געבּען און ליעב צו האָבען קען מען ניט נייטען. (שפּר.). אַז מען קאַרגט נישט איבּערוואָלכען, האָט מען שבת ניט וואָס צו עסען. (שפּר.). ווער עס האָט אַליין ניט צו קײַען, דער זאָל יענעם ניט לײַען. (שפּר.). אַן'אָרענדאַר בּעדאַרף צו האָבען אין זיך די מעלות פֿון אברהם און פֿון משה רבינו. (שפּר.).

ס'איז א „שהחינו" איבער איהם צו מאכען. (שפּר.). קינדער קומען צו לויפען פון אלע עקען. (א.). דאָס הארץ האָט אָנגעהויבען אמת'דיג שוין צו קלעמען. (ג.). עס שאדט אָבער ניט צו וויסען, ווי אזוי און וואָס מיר האָט ניט געראָטען. (מ. מ. ס.). יענע צוויי בערייִדעווּדיגע חברה-לייט הערען ניט אויף צו רעדען צווישען זיך. (ש. ע.).

2) נאָך צייטוועורטער, וואָס בעדייטען וואונטש, האָפנונג, ליעבע, בכלל א בעוועגונג פון געפיהל, ווילען, אָדער פערשטאַנד: פערגעסען, שטרעבען, דערוועגען זיך, מורא האָבען, האָפען, ליעב האָבען, פיינד האָבען און אַנד.

די מלאכה האָט ליעב צו מאַכען א ברכה. (שפּר.). אַליין קען דער מענטש פערגעסען, נאָר ניט צו עסען. (שפּר.). ווער ס'האָט ליעב צו נעהמען, דער האָט פיינד צו געבען. (שפּר.). דער קאָפּ איז פול, דער בויך איז פול, דער מאָגען ווייס ניט פון וואָס צו זאָגען. (שפּר.).

3) נאָך אייגענשאַפטוועורטער, וואָס שטעלען פאָר אַן'ערגאַנצונג צו דער אונבעשטימטער פאָרם: נייגיריג צו וויסען; גרייט, פעהיג צו דיענען; שרעקליך, שווער, לייכט צו זאָגען און אַנד.

א פּאַטש איז לייכטער צו בעקומען, איידער צו געבען. (שפּר.). איבערגעקומענע צרות איז גוט צו דערצעהלען. (שפּר.). בּיי קליינע קינדער איז שלעכט צו עסען, ביי גרויסע קינדער איז שלעכט צו געהן. (שפּר.). א רב איז גוט צו קלייבען, אָבער ניט אָבצוזאָגען. (שפּר.). אין א קהל-שער קליאַמקע איז זיך גוט אָנצוהאַלטען. (שפּר.).

מע מוז אָבער זאָגען, אַז כמעט אין אלע געבראַכטע פאַלען קען מען דאָס „צו" דורכלאָזען.

## אַרטען פון אומשטאַנד-בייזאַצען.

§ 69. יעדע אומשטאַנד-בעשטימונג קען פערשפּרייט ווערען אין א גאַנצען זאַץ. דערפאַר קענען זיין פאָלגענדע אומשטאַנד-בייזאַצען: 1) צייט-בייזאַץ, 2) אָרט-בייזאַץ, 3) ציעל-בייזאַץ, 4) אורזאַך-בייזאַץ, 5) שטייגער-בייזאַץ.

## צייט-בייזאַץ.

§ 70. א זאַץ, וואָס פערנעהמט דאָס אָרט פון א צייט-בעשטימונג,

הײסט **צײַט־בײַזאַץ**. אַזאַ זאַץ ווערט פֿעראײניגט מיט'ן הויפּט־זאַץ דורך: **אַז, ווען, בשעת, בעת, זינט, ווײַל, אײדער, ווי נאָר, ביז, וויבאַלד, נאָכדעם, קוים** און אַנד. אין הויפּט־זאַץ געפֿינט זיך: **דעמאָלט, דאַן** אָדער קײן שום פֿערבינדונג־וואָרט.

און **ווי נאָר** אלול האָט זיך אָנגעהויבען און דער שופר האָט זיך געלאָזט הערען אין די יודישע גאַסען, איז שלמה בײַ זיך געפֿאַלען... (ג.). **זינט** כתריליווקע איז אַ שטאָט, געדענקט דאָרט קײנער ניט אַזאַ לויה... (ש. ע.). און **אַז** מאָניש געהט כסדר יעדען מאָרגען פֿריה אין חדר, בלײַבט ער שטעהן בײַ'ם טויער. (פ.). **קומט מען** צו פֿאָהרען מיט אַ קאַטערינקע, גנב'עט ער זיך שוין אַרויס און לויפֿט איהר נאָך... (פ.). **אַז** מע בעצאָהלט אַ חיוב, מעג מען זיך מאַכען אַ יום־טוב. (שפר.). מע ווערט ניט פֿריהער געניט, **ביז** מע האָט זיך ניט אָבגעבריהט. (שפר.). **זינט** ס'האָט זיך געשטאַרקט די שרעק פֿאַר דער מגפה, אַנטלויפֿט דער עולם מילעגווײַז פֿון סאַזוויצקין. (פ.).

## פֿערקירצונג פֿונ'ם צײַט־בײַזאַץ.

**§ 71. דער צײַט־בײַזאַץ ווערט פֿערקירצט דורכ'ן**

1) הויפּטוואָרט.

אַז מיר ווענען געקומען צו ליפּע־שלום־אײַזיקס, האָבען מיר שוין געטראָפֿען די גאַנצע חברה (ש. ע.) = **בשעת אונזער קומען צו...**

2) מיטעלוואָרט.

אָנגעוואַרימט דאָס פּנים מיט די הענד, קנײַטשט ער שטאַרק אײַן דעם שטערען (פ.) = אַז ער האָט אָנגעוואַרימט דאָס פּנים מיט די הענד, קנײַטשט ער... **צוריקפֿאָהרענדיג** פֿון בערדיטשעוו, האָט דער בעל־עגלה אויפֿגענומען פֿאַרשוינען. (פ.). די מאַטע פֿלעגט ווײַנען, אויף מיר **קוקענדיג...** (מ. מ. ס.). **שפּאַצירענדיג** אײנמאָל אויף דער גאַס, דערזעה איך פֿון דערווײַטענס, ווי פּאָליציײַט שלעפּען עפּעס אַ בהמה... (מ. מ. ס.). **אַראָבגעלאָזט** זיך ווי אין אַ קעלער אַרײַן, ווענען מיר אַרײַנגעקומען אָדער אַראָבגעקראָכען אין אַ גרויסער פֿינסטערער קיך. (ש. ע.).

## אָרט־בײַזאַץ.

**§ 72.** אויב די אָרט־בעשטימונג איז אויסגעדריקט מיט אַ גאַנצען זאַץ, הײסט זיער זאַץ **אָרט־בײַזאַץ**. ער ווערט פֿערבונדען מיט'ן

הויפּט-זאַץ דורך: וואו, פֿון וואַנען, וואוהין; אין הויפּט-זאַץ געפֿינען זיך—דאָרט, פֿון דאָרט, אַהין.

וואו הינד בילען, דאָרט איז א ישוב. (שפּר.). דאָרט, וואו מע האָט דיך ליעב, געה וועניג; דאָרט, וואו מע האָט דיך פֿיינד, געה גאָרניט. (שפּר.). וואו מע געהט פֿיעל, וואַקסט קיין גראָז ניט. (שפּר.). דאָרט, וואו אַמאָל פֿלעגט גרינע גראָז און בלומען בליהען, איצט וואַקסען דערנער אָהן אַ צאָהל. (פּר.).

## פֿערקירצונג פֿונ'ם אָרט-בייזאַץ.

§ 73. דער אָרט-בייזאַץ ווערט פֿערקירצט דורכ'ן הויפּטוואָרט, און ער ווערט אוים זאַץ.

דאָרט, וואו אַמאָל פֿלעגט גרינע גראָז און פֿרישע בלומען בליהען, איצט וואַקסען דערנער אָהן אַ צאָהל (פּר.) = אויפ'ם אָרט פֿון פֿרישער גראָז, וואַקסען דערנער.

## ציעל-בייזאַץ.

§ 74. דער ציעל-בייזאַץ פֿערנעהמט דאָס אָרט פֿון א ציעל-אומשטאַנד. דער ציעל-בייזאַץ ווערט פֿעראייניגט מיט'ן הויפּט-זאַץ דורך: כדי, אַז. אין הויפּט-זאַץ געפֿינט זיך: מיט'ן צוועק, צוליעב דעם.

צו איהם זענען געקומען לערנ-יונגעלייט און בחורים, וואָס שמואל בער האָט געבעטען קומען, כדי צו שמועסען און אַרויסשלאָגען זיך פֿון קאָפּ דעם שרעק. (ג.). מיט אונגעדולד האָט ער געוואַרט דער טאָג זאָל זיך ענדיגען, כדי שוין צו זעהען זיין חבר דוויד'ל... (ג.). ער לויפֿט צו'ם אָרון-קודש, שטעקט אַריין דעם קאָפּ צו די הייליגע ספרים און וויינט יאָמערליך, זיי זאָלען איהם העלפֿען. (פּ.).

## פֿערקירצונג פֿונ'ם ציעל-בייזאַץ.

§ 75. דער ציעל-בייזאַץ ווערט פֿערקירצט דורך דער אונבעשטימטער פֿאָרם.

ער האַלט אָפֿען דאָס מויל צו חאַפּען יעדעס וואָרט (פּ.) = ער האַלט אָפֿען דאָס מויל, כדי צו אַפּען יעדעס וואָרט. ער איז הונגעריג, טויט הונגעריג; ס'פֿאַלט איהם אָבער ניט איין געהן אין שטאָט אַריין עסען. (פּ.). א קלאָגמוטער

בין איך צו גיסען טרעהרען אויף דיר, אָ, ציון, אויף דיין אונטערגאַנג. (מ. ר.).

## אורזאַך־בייזאַץ.

§ 76. אַ בייזאַץ, וואָס פערנעהמט דאָס אָרט פון דער אורזאַך־בעשטימונג, הייסט אורזאַך־בייזאַץ. ער ווערט פעראייניגט מיט'ן הויפט־זאַץ דורך: ווייל, וואָרום, וואָס, מחמת. אין הויפט־זאַץ געפינט זיך — דערפאַר אָדער קיין שום בינדוואָרט.

געבליבען איז שלמה אין חדר ניט דערפאַר, ווייל ער דאַרף נאָך לערנען ביי דעם דאָזיגען רבין, — דאָס ווייס ער גראָד גוט — נאָר ווייל דער רבי האָט זיך אָנגעבעטען ביי זיין טאַטען... (ג.). זיין פנים זעה איך נישט, ווייל ער האַלט איהם אונטערגעשפאַרט. (פ.). און ווייל זי האָט געוואָלט, וויל ער דוקא ניט. (א.). אַזוי שרייט די מאַמע צו ישראל דעם שניידער מיט אַלע כחות, מחמת ישראל דער שניידער איז טויב, ווי די וואַנד. (ש. ע.).

## פערקירצונג פונ'ם אורזאַך־בייזאַץ.

§ 77. דער אורזאַך־בייזאַץ ווערט פערקירצט דורכ'ן הויפט־וואָרט, און דער זאַץ פערליערט זיין זאַץ־ווערט.

אצונד אָבער, אַז צוליעב דער שלאַפקייט מיינער, ניט דאָ געדאַכט, בין איך געצוואונגען געווען וויניגער צו לערנען... פלעג איך גוט פיהלען, ווי פינסטער און ביטער מיר איז (מ. מ. ס.) = אַצונד אָבער, אַז צוליעב דעם, וואָס איך בין שלאַף... פאַר צרות האָב איך ניט געקענט איינזיצען אויף דער סטאַנציע. (מ. מ. ס.).

## שטייגער־בייזאַץ.

§ 78. אַ זאַץ, וואָס פערנעהמט דאָס אָרט פון אַ שטייגער־בעשטימונג, הייסט שטייגער־בייזאַץ. מע שיידט אונטער דריי אַרטען פון שטייגער־זאַצען: I איינגענטלעכע שטייגער־בייזאַצען, II פערגלייכענדע שטייגער־בייזאַצען, III ערקלערענדע שטייגער־בייזאַצען.

I. איינגענטלעכע שטייגער־בייזאַצען צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי ווערען געברויכט נאָר אין דער פערקירצטער פאָרם און ווערען געוועהנלעך אויסגעדריקט דורכ'ן מיטעלוואָרט.

שטיל, גאָר ניט געֶרעדט, געהט זי צו, פאַרשליסט דעם שופלאָד און בעהאַלט די שליסעלעך ביי זיך. (נ.). און ניט וואַרטענדיג אויף תשובה, נעהמט ער זיך אין שטוב אַריין, (פּ.). ער איז געגאַנגען אַרויף און אַראָב, האַלטענדיג דאָס שטעקעלע אין דער האַנד. (נ.).

II. דער פערגלייכענדער שטייגער-ביי-זאַץ ווייזט אָן אויף דער פערגלייכונג פון דער וויפילקייט אָדער וועלכיגקייט אין עטלעכע זאַצען. אויב ס'ווערט פערגליכען די וויפילקייט, הייסט דער זאַץ וויפילדיגער. ער ווערט פעראייניגט מיט'ן הויפט-זאַץ דורך: וויפיעל, אויף וויפיעל; אין הויפט-זאַץ געפינען זיך די ווערטער: אַזוי פיעל, אויף אַזוי פיעל.

ער האָט אַזוי פיעל געלד, וויפיעל אַ יוד חזירים. (שפּר.). מע מוז די לבנה אַזוי לאַנג מחדש זיין, ווי זי שטעהט. (שפּר.).

אויב ס'ווערט פערגליכען די וועלכיגקייט, הייסט דער זאַץ וועלכיגער. ער ווערט פעראייניגט מיט'ן הויפט-זאַץ דורך די ווערטער: ווי, פונקט ווי, כלומר'שט ווי, אַיידער.

וואָס בלאַסער ס'ווערען די בעלי-הבתים, אַלץ רויטער און לעבעדיגער ווערט זיין פּנים. (פּ.). וואָס נידעריגער זיי לאָזען אַראָב זייערע קעפּ, הייבט זיך זיינע העכער. (פּ.). בעסער אַ פּאַטש פון אַ חכם, איידער אַ קוש פון אַ נאַר. (שפּר.). אַזוי ווי מיר זענען צו גאָט, אַזוי איז גאָט צו אונז. (שפּר.). ס'העלפט, ווי אַ טויטען באַנקעס. (שפּר.). ווי אַ הייש-שרעק, לאָזען זיך אַהין אַראָב די רוחות. (מ. מ. ס.). אַ מבין, ווי אַ חזיר אויף הייזוען, (שפּר.). ער האָט געבעטען, ווי אַ קינד בעט ביי די עלטערן אַ גראָשען... (נ.).

III. דער ערקלערענדער זאַץ בעווייזט די מאָס, די שטאַרקייט פון דער טואונג, איינגעשאַפּט און צוזאַמען דערמיט ווייזט ער אויף די אויספאָלגען פון דער טואונג, וואָס קומט פאָר אין'ם הויפט-זאַץ. דער ערקלערענדער ביי-זאַץ ווערט מיט'ן הויפט-זאַץ פעראייניגט דורך די ווערטער: אַזוי, אַזוי פיעל, אויף אַזוי פיעל און אַנד. אין הויפט-זאַץ געפינט זיך — אַז.

אין מערב איז געווען אַזוי שטיל און רוהיג, אַז ס'האָט זיך געוואָלט דאָרט אַהין אַוועקפיהרען זיך מיט אַלע בייזע געדאַנקען. (נ.). און אַ ווילדע שנאה פיהלט ער צו'ם מענטשען, וואָס איז אַזוי פול מיט גליק, אַז ער וויל ניט ענטפערן אויף פרעמדע ליידען. (נ.). און ביי די לעצטע ווערטער האָט ער אַזוי פערקרימט זיין פּנים, אַז ס'איז באמת געווען אַ רחמנות אויף אים צו קוקען. (נ.).

## פֿאַרקירצונג פֿונ'ם שטײַגער־בײַזאַץ.

§ 79. דער שטײַגער־בײַזאַץ ווערט פֿערקירצט

1) דורכ'ן אומשטאַנדוואָרט.

אַביסעל האָט כּלה'ס צד ניט יוצא געווען, ניט ליטוויש זיך אויסגעשטעלט, גאַנץ יודישלעך (ש. ע.) = אַביסעל האָט כּלה'ס צד ניט יוצא געווען, אויסגעשטעלט זיך ניט אַזוי, ווי ליטען, אַזוי ווי יודען.

2) דורך דער פֿערטוישונג פֿון וואָרט „איידער" מיט'ן וואָרט „פֿון".

בעסער אַ פּאַטש פֿון אַ חכם, איידער אַ קוש פֿון אַ נאַר (שפּר.) = דעם חכם'ס פּאַטש איז בעסער פֿונ'ם נאַר'ס קוש.

3) דער ערקלערענדער זאַץ ווערט פֿערקירצט דורך די ווערטער „ביז", „צו".

איך בין זאַט, הלוואַי ביז מײַן לעבען (ש. ע.) = איך בין זאַט, הלוואַי איך זאָל אַזוי זאַט זײַן אַזוי לאַנג, וויפֿיעל איך וועל לעבען. אַ קאַלטער שווייס טרעט מיר אויפֿ'ם לײַב אַרויס, און עס ווערט מיר איבעל נאָר צו'ם תּל ש'ן. (מ. מ. ס.).

## בעדינג־זאַץ און נאָכגעבענדער זאַץ.

§ 80. צו די בײַזאַצען געהערט אויך דער בעדינג־זאַץ און דער נאָכגעבענדער זאַץ, ווײַל זיי זענען נאָהענט צו די אורזאַך־בײַזאַצען.

## בעדינג־בײַזאַץ.

§ 81. דער בעדינג־זאַץ ווײַזט אָן, בײַ וואָס פֿאַר בעדינגונגען ס'קען פֿאָרקומען די טואונג אָדער דער צושטאַנד פֿונ'ם הויפּט־זאַץ. ער ווערט מיט'ן הויפּט־זאַץ פֿעראײַניגט דורך די ווערטער: אויב, אַז[1], טאָמער. אין הויפּט־זאַץ געפֿינט זיך — דאַן, דעמאָלט אָדער קיין שום בינדוואָרט. — אין בעדינג־זאַץ ווערט געבראַוכט די פּאַקטישע פֿאָרם, אויב די טואונג אָדער צושטאַנד קומען פֿאַר אָדער וועלען פֿאָרקומען אָדער זענען פֿאָרגעקומען אין דער ווירקליכקייט; די פֿאָרויסגעלייגטע פֿאָרם, ווערט געבראַוכט, ווען די טואונג איז נאָר מעגליך.

---

1) מע מוז אונטערשיידען דאָס בינדוואָרט „אַז" אין צײַט־זאַץ פֿונ'ם „אַז" אין בעדינג־זאַץ און אין זאָג־בעשטימונג־זאַץ. קודם כּל, אַז ס'איז דערוועהט, אַז איך שמעה, ווי אַ גולם, גיט זי אַ געשריי; „בטלן!" (פּ.)

אויב איהר גענייטיגט זיך אצוגנד אין געלד, קענען מיר אייַך דערוויַילע געבען אויף דעם חשבון. (מ. מ. ס.). אז מע הוליעט צו פיעל אין דער יוגענד, בעטעלט מען אויף דער עלטער. (שפר.). וואָלט ער ניט לאָהם געוועזען, וואָלט ער אַ משולח געוואָרען. (פ.). די בעלי־הבתים זאָלען אפילו וועלען, קענען זיי קיין אַנדער יתום ניט קריגען. (פ.). צו אַביסעל איז גוט, איז אַ סך נאָך בעסער. (שפר.).

## פערקירצונג פונ׳ם בעדינג־זאַץ.

§ 82. דער בעדינג־זאַץ ווערט פערקירצט דורכ׳ן מיטעלוואָרט.
די בעלי־הבתים זאָלען אפילו וועלען, קענען זיי קיין אַנדער יתום ניט קריגען (פ.) = ווילענדיג אפילו, קענען די בעלי־הבתים קיין אַנדער יתום ניט קריגען.

## נאָכגעבענדער זאַץ.

§ 83. דער נאָכגעבענדער זאַץ בעווייַזט אַז, חאָטש ס׳איז דאָ אַנ׳אורזאַך, וועלכע גיט די מעגליכקייַט אַ געוויסער טואונג אָדער צושטאַנד פונ׳ם הויפּט־זאַץ פערווירקליכט צו ווערען, פונדעסטוועגען קומט פאָר ניט די ערוואַרטענע טואונג, נאָר אַנ׳אַנדערע. צ. ב., אין זאַץ: „חאָטש איך בין קראַנק, פונדעסטוועגען וועל איך הייַנט געהן צו דער אַרבעט" האָבען מיר אַנ׳אורזאַך (די קראַנקהייַט) איבער וועלכער מיר וואָלטען געקענט וואַרטען אַז „איך וועל צו דער אַרבעט ניט געהן", דאָך האָבען מיר גאָר אַנ׳אַנדער, אַ פערקעהרטען אויספאָלג. דער נאָכגעבענדער זאַץ ווערט פערייניגט מיט׳ן הויפּט־זאַץ דורך די ווערטער: חאָטש, זאָל זייַן, לאָמיר זאָגען, אַ ייַוואָס; אין הויפּט־זאַץ געפינען זיך די ווערטער: פונדעסטוועגען, אָבער, דאָך, פאָרט.

דאַנקבאַרקייַט פיהלט ער צו דער אַלטער, וואָס האָט איהם ניט פייַנד, חאָטש ער איז אַזאַ זינדיגער, כאָטש ער איז אַזוי פערדאָרבען. (נ.). ווייַבער, וואָס האָבען ווינציגער פערשטאַנען האָבען פונדעסטוועגען בעהאַלטען די פנים׳ער אין די פאַרטעכער, כלומר׳שט געשנייַצט די נעזער. (ש. ע.). ווי כתריאל׳יוקע איז אַנ׳אָרים שטעטעל, וואָלט יעדער אָבגעריסען דאָס לעצטע פונ׳ם לעצמיען און וואָלט זיך דורכגעפאָהרען אַהין אַ קוק טאָן חאָטש פון דערווייַטען. (ש. ע.). זיי זענען גרייט צו פאַסטען נאָך דרייַ טעג און נאָך דרייַ נעכט, אַבי אויסבעטען בייַ דעם, וואָס לעבט אייביג, אַ גוט יאָהר. (ש. ע.). טאָניש טרעפט

אויך באלד אין קארב, מעג דער רמב"ם זיין ווי הארב. (פ.). און זאל ווי וויים נים זיין די צייט פון ליעבע און פון שלום, דאך קומען וועט, צי פריה, צי שפעט די צייט, עס איז קיין חלום. (ר.). נישט איין מאל בין איך שוין אוור געפאלען, און פארט נישט פערפאלען. (מ. מ. ס.).

## פערקירצונג פונ'ם נאכגעבענדעם זאץ.

§ 84. דער נאכגעבענדער זאץ ווערט פערקירצט דורכ'ן מיטעל-ווארט.

הונגעריג, האט ער זיך אזוי ארומגעדרעהט ביז מיטאג-צייט (פ.) = חאטש ער איז געוועזן הונגעריג, פונדעסטוועגען האט...

## בייזאצען פון פערשידענע גראדען.

§ 85. א בייזאץ, וואס בעציהט זיך אויפ'ם הויפט-זאץ, הייסט בייזאץ פון ערשטען גראד. א בייזאץ, וואס בעציהט זיך אויפ'ם בייזאץ פון ערשטען גראד, הייסט בייזאץ פון צווייטען גראד. א בייזאץ, וואס העננט אב פון א בייזאץ פון צווייטען גראד, הייסט בייזאץ פון דריטען גראד א. א. וו.

גאט אליין איז אומגערעכט געגען איהם, אויב ער וויל (I), ער זאל זיך העננגען (II). (פ.). א טויבער האט געהערט, ווי א שטומער האט דערצעהלט (I), אז א בלינדער האט אליין געזעהען (II), ווי א קרומער איז געלאפען (III). (שפר.). עס האט יעדער פון די צוויי געפאנגענע גבורים צו הונדערט קלעפ געקריגען אין יערען פונקט פון שיסעל, איידער ס'איז זיי איינגעפאלען צו קלערען (I), אז זיי זענען פערמאכט פון אלע זייטען (II). (פ.). זי האט זיך געפיהלט, ווי אנ'אונבעהאלפען בעשעפעניש אין וואלד (I), ארומגערינגעלט פון יאגערם (II), וואס ווילען זי פאנגען (III). (ג.).

---

## ווערטער-ארדנונג אינ'ם צונויפגעזעצטען זאץ.

### א. אינ'ם הויפט-זאץ.

§ 86. אויב דער הויפט-זאץ געפינט זיך נאכ'ן בייזאץ, איז אין איהם שטענדיג די פערקעהרטע ווערטער-ארדנונג.

און אז דער לעצטער (שדכן) האָט איהם אויך געענטפערט די אייגענע תשובה, אז נאָר די מלכה שבא וועט איהם נעהמען, איז ער אריינגעפאלען אין א מרה־שחורה. (פ.). וואו טרעהרען רינען, צעהנער קריצען, דאָרט איז מיין רוהע־פלאץ. (מ. ר.).

אויב דער הויפט־זאַץ שטעהט פאַר'ן בייזאַץ, גילט פאַר איהם אלץ, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען איינפאַכען זאַץ.

## ב. אינ'ם בייזאַץ.

אינ'ם בייזאַץ איז שטענדיג די גלייכע ווערטער־אָרדנונג.

ניט זוך מיך, וואו די מירטען גרינען! (ס. ר.). דאָס איז געווען איינער פון יענע מינוטען, ווען שלמה'ס יוגענד פלעגט זיך ווי בעפרייען פון אונטער עפּעס א שווערן דרוק. (ג.). אז איהר פאָרט צו אונז אין מאַזעפּעווקע, מוזט איהר פריהער דורכפאָהרען דאָס דאָזיגע דערפעל. (ש. ע.).

אַנ'אויסנאַהם שטעלט פאָר דער צייט־בייזאַץ, וואָס הייבט זיך אָן מיט'ן וואָרט „קוים" און דער בעדינגס־בייזאַץ, וואָס הייבט זיך אָן מיט'ן וואָרט „טאָמער". אין זיי ווערט געברויכט די פערקעהרטע ווערטער־אָרדנונג.

ער האָט געפיהלט, אז קוים געהט ער אַריין, וועט ער שוין צוריק פון דאָרט ניט אַרויסגעהן. (פ.). קוים איז טאָג געוואָרען האָט ער אָבגעדאַווענט און איז אַרויסגעלאָפען אומגעגעסען הינטער דער שטאָט. (פ.). קוים האָט ער עס אויסגעזאָגט, איז ראַפּטום דער עולם פון דעם פענסטער נעבן געוואָרען. (פ.). טאָמער טוסט דו ניט אַזוי ווי איך האָב געזאָגט, וועסטו חרטה האָבען. טאָמער ריהרסט דו זיך פונ'ם אָרט, איז אַלץ פערפאַלען.

די פערקעהרטע אָרדנונג ווערט געברויכט, אויב אין צייט־בייזאַץ איז דורכגעלאָזט דאָס וואָרט „אַז", „ווען" אָדער אַנדערע.

(ווען) פאַלט אַריין אַנ'אָרימאַן אין אַ גרויסער שטאָט, דאַכט זיך איהם, אַז יעדעס הויז קוקט אויף איהם מיט שפּאָט. (ר.). און דער שכנה, שיינער אָדעל, פאַלט פון האַנד אַרויס די נאָדעל, לאָזט זיך אונזער מאָניש הערען. (פ.). האָט ער געעפענט אַ מויל, האָבען געציטערט די ווענד פונ'ם בית־המדרש... (ג.).

אויב אינ'ם הויפּט־זאַץ און אינ'ם צייט־בייזאַץ איז איין און דאָס־זעלבע זאַך־וואָרט (אין בייזאַץ מעג זיין אפילו אַנ'אַנדער וואָרט אלס זאַך־וואָרט; מע מיינט אָבער דיזעלבע זאַך, וואָס אין הויפּט־זאַץ), שטעלט מען דאָס זאַך־וואָרט פאַר'ן הויפּט — און בייזאַץ.

דער ימח שמו'ניק, אז ער האט עם דערהערט, איז איהם די שמחה געווארען געשטערט. (פ.). דער דאקטאר בעקערמאן, אז ער האט ערהאלטען דעם בריעף, איז ער געקומען צו ר' פאגוס'ן און האט געטראפען זיין טאכטער אין א שרעקליכער לאגע. (ש. ע.).

## פרעמדע רייד. פרעמד-זאץ.

§ 87. יענעמס רייד קען מען איבערגעבען פונקט מיט די זעלבע ווערטער, ווי יענער האט זיי געזאגט. דעמאלט האבען מיר פרעמדע רייד. א זאץ, וואס ענטהאלט פרעמדע רייד, הייסט פרעמד-זאץ.

א טרוים בעוועגט די ליפעלעך: „א, וואו איז, „וואו איז פא?" (מ. ר.).

„ווען איך בין ראטשילד, אוי, ווען איך בין ראטשילד, טרעפט וואס איך טו? ראשית חכמה, פיהר איך איין, אז א ווייב זאל תמיד האבען ביי זיך א דרייערל, בכדי זי זאל פערשפארען דולען א ספאדיק, אז ס'קומט דער גוטער דאנערשטאג; והשנית לייז איך אויס די שבת'דיגע קאפאטע... אדער נייין, דעם ווייבס קעצענעם בורנוס — לאז זי אויפהערען פיקען אין קאפ אריין, אז ס'איז איהר קאלט, און קויף אוועק די דאזיגע שטוב איינגאנצען מיט אלע דריי חדרים, מיט דער קאמער, מיט'ן קעלער, מיט'ן בוידעם, מיט הכל, בכל, מכל פלעקעל. — לאז זי ניט זאגען אז ס'איז איהר ענג. נא דיר צוויי חדרים, קאך דיר און באק דיר, וואש דיר, בראק דיר און לאז מיך צורוה, איך זאל קענען קנעלען מיט א רייניגעם קאפ!..." (ש. ע.).

## אבשטעלונג-צייכענס ביי די פרעמדע רייד.

§ 88. פרעמדע רייד ווערען געשלאסען אין פרעמד-צייכענס ביי'ם אנהייב און צו'ם סוף. אויב דעם מחבר'ס ווערטער שטעהען פאר די פרעמדע רייד, ווערט נאך די ווערטער געשטעלט א צוויי-פונקט. אויב דעם מחבר'ס ווערטער שטעהען אינמיטען פון די פרעמדע רייד, ווערט נאך דער ערשטער טייל פון די פרעמדע רייד געשטעלט אן'אונטערשטריך און נאך דעם מחבר'ס ווערטער א צוויי-פונקט. דערביי ווערען ביידע טיילען פון די פרעמדע רייד געשלאסען אין פרעמד-צייכענס.. אויב דעם מחבר'ס ווערטער שטעהען נאך די פרעמדע רייד ווערען זיי אבגעטיילט מיט אן'אונטערשטריך.

זי (די מוטער) שרעקט זיך און פרעגט איהם: „וואס איז דיר, מיין קינד?

וואָס לאָזט זיך דײַן קול אַזוי טרויעריג הערן?" (פ.). „אַ, אַ, שלום עליכם", זאָגט ער מיט אַ שמייכעל. „עליכם שלום", ענטפער איך אונטער דער נאָז. (מ. מ. ס.). אײנע שטעהט און טענה'ט: „זאָלסט אַ מליצה זײַן, כ'האָב געוואוסט דײַן לעבען, פול מיט נויט און פײַן!" (ר.). „אַט אַזוי, יאָסעלע, האָב איך ליעב", מאַכט צו מיר דער רבי און שענקט מיר עטלעכע גרינגע שמיצלעך דערפאַר, וואָס כ'האָב זיך געלעגט דער ערשטער: „אָט אַזוי קעצעלע!" (ש. ע.).

אויב ס'קומט פאָר אַ געשפּרעך צווישען עטלעכע פערזאָן, ווערען זייערע רייד אָבגעטיילט מיט אַ שטריך, וואָס קען פערבייטען די פרעמד־צייכענס.

די מוּהמע פעסעל זעצט זיך אוועק געגען אונז לייגט צונויף די הענד אויפ'ם הארצען און נעהמט אונז צו'ם עקזאַמען:

— ס'מאַכט דער טאַטע? — גאָרניט.

— ס'מאַכט די מאַמע? — גאָרניט,

— געפרעגעלט שמאַלץ? — געפרעגעלט.

— געבאַקען לאַטקעס? — געבאַקען.

— דער פעטער בענו געווען? — געווען.

— געשפּיעלט אין דאָמינעס? — געשפּיעלט. (ש. ע.).

## אייגענע רייד. אייגען־זאַץ.

§ 89. יענעמס רייד קען מען אויך איבערגעבען מיט אייגענע ווערטער; מען קען פרעמדע רייד איבערדערצעהלען. דעמאָלט האָבען מיר אייגענע רייד. דער זאַץ וואָס ענטהאַלט פערוואַנדעלטע פרעמדע רייד, הייסט אייגען־זאַץ.

מעחר פון אַלעמען האָט גע'טענה'ט אַ יונג חסיד'ל און האָט מיט גרויס היץ דערצעהלט, ווי אַזוי זײַן שוועסטער, אַ מיידעל פון אַכצעהן יאָהר, האָט זיך פערליאַפעט (פערליעבט) אין אַ לעהרער... ווי אַזוי דער לעהרער פלעגט איהר איבערשיקען בריוולעך, ווי אַזוי די שוועסטער האָט ניט געוואָלט דעם חתן, אַזאַ חתן, וואָס מע קריגט איהם ניט, אַ זיידען קינד, וואָס ווייס ניט פון די היינטיגע ביכלעך מיט די גאַזעטען... ווי אַזוי ענדלעך די שוועסטער האָט געוואָלט מאַכען פּליטה, ווי אַזוי מע האָט דעם לעהרער געקלאַפּט ערגעץ אין אַ פינסטער געסעל, און ווי אַזוי מע האָט די שוועסטער אוועקגעפיהרט צום רבי'ן, און ווי אַזוי מע האָט איהר פאָרט תתּנה געמאַכט פאַר דעם דאָזיגען חתן, און ווי אַזוי זי לעבט

הײַנט גליקלעך, אויף אַלע יודישע טעכטער געזאָגט געוואָרען אַזאַ לעבען, רבונו של עולם, און אויף מײַנע קינדער ניט עָרגער... (ש. ע.).

דאָ גיט שלום עליכם איבער דעם חסיד׳ס רײד מיט אײגענע ווערטער.

## צײַטען און פאָרמען אין די אײגענע רײד.

§ 90. אין די אײגענע רײד ווערט אין יודיש געברויכט דיזעלבע צײַטען און פאָרמען (Modus), וואָס זענען געווען אין די פרעמדע רײד.

עס זינגט דער יוד זײַן איכה-ליעד מיט אימער נײַע טרעהרען: „מײַן לאַנד איז וויסט, מײַן שם פער׳מאוס׳ט, — וואוהין זאָל איך מיך קעהרען?" (מ. ר.) = עס זינגט דער יוד..., אַז זײַן לאַנד איז וויסט, זײַן שם איז פער׳מאוס׳ט, — וואוהין זאָל ער זיך קעהרען?

## אָבגעהאַקטע, פעריאָדישע און געמישטע רײד.

§ 91. אונזערע רײד קענען זײַן אָבגעהאַקטע, פעריאָדישע און געמישטע.

אויב מיר רעדען מיט קורצע אײנפאַכע, ניט איבעריג פערברײטערטע זאַצען, זענען דאָס אָבגעהאַקטע רײד.

אָט וויַזט זיך דאָס געהילץ. אײן טראַטווע איז אָנגעבונדען אין דער צווײַטער, און אײנע הויבט זיך, רײַסט זיך פון דער צווײטער. ר׳ יחזקאל קוקט אויף זײַן פערמעגען. ס׳שטעהט אין סכנה. די שטיקער אַמז פרואווען זיך פון אָרט ריהרען. די שטריק סקריפען בײַ די בוימער. זיי רײַסען זיך. די לעצטע מינוט. ר׳ יחזקאל טרעט נעהנטער צו׳ם וואַסער צו, ער שטרעקט די האַנד אויס. ער וויל אָנריהרען מיט די הענד און קוקט זיך אום, אויב מע זעהט נישט די פויערן. קײנער קומט נישט. דאָס וואַסער לויפט, אײַלט, דאָס איז פלאַצט. (א.).

אויב אונזערע רײד בעשטעהען פון צונויפגעזעצטע זאַצען, זענען דאָס פעריאָדישע רײד.

אַ פריש, געשמאַק ווינטעלע האָט פאַמעלעך געבלאָזען, און פון די וואָלקענס, פונ׳ם שטורם איז נישט געווען אפילו קײן זכר. דער אָבגעטובל׳טער, אויסגעצוואָגענער וואַלד איז געשטאַנען ווי אַ חתן-בחור, אָנגעטאָן אין אַ נײַער, גרינער זשופּעצע, געמאַכט ערשט איצט אין פריהלינג, און געשײַנט, געלויכטען ווי דער ליכטיגער מאָרגענשטערן, וואָס האָט, לויפענדיג פאָראויס, געבראַכט די פרעהליכע בשורה, אַז אָט באַלד קומט צופאָהרען די זון — די מײַערע, גילדענע מתותנת׳טע, און די תתנות וועט זיך אָנהייבען! אַלצדינג טרום און טרום האָט

געלויבטען און געפינקעלט. אלצדינג האט עפעס ווי זיך צוגעגרייט. די ערשט בישט לאנג ווייסטע, שמוציגע ערד האט אויסגעזעהען איצט נאר א כלה, טאקע מיט דעם גאנצען פוץ, מיט דעם חן, מיט שענע בוקעטען אין קרענצלעך שמעקעדיגע בלומען. אומעדום האט אויסגעזעהען ווי יום-טוב'דיג, און אומעדום האט געשמעקט געווירץ, זיסע, ליבע ריחות פון בשמים. שען איז דער אנברוך פון טאג וועסנע-צייט אין וואלד, זעהר שען! (מ. מ. ס.).

אויב אין אונזערע רייד קומען אריין צונויפגעזעצטע זאצען און אויך קורצע איינפאכע, הייסען זיי געמישטע רייד.

יודישע מעשיות לאזען זיך אויס צום מייגסטען טרויעריג. פאראן ביי אונז א ווערטעל, אז א יוד, ובפרט אן'ארימאן, טאר קיין הנאה ניט האבען; ס'איז א סך וועגען דעם צו רעדען; אז איהר וועט אונטערוואקסען, וועט איהר געוואר ווערען... דערווייליגע בעדארף איך אייך זאגען, אז די מעשה מיט מיין פאהן האט זיך נאך ניט אויסגעלאזט דערמיט, וואס איך האב אייך דא דערצעהלט. איך האב נאך גוט, גוט צוגעקרענקט, געליגען אין א העליש פייער, געזעהען פאר זיך משוגה מאדנע זאכען, שלאנגען און עקדישען מיט פייערדיגע צונגען און ווילדע חיות אינ'ם געשטאלט פון מענטשען... איך האב געהערט משוגה מאדנע קולות פון קעץ און פון פיפערנאטערס. איך האב זיך געווארפען, געגרעדט פון היץ, געוועזען פערביי; מע האט גיט געהאלטען פון מיין לעבען... (ש. ע.).

## דער פעריאד.

§ 92. א צונויפגעזעצטער זאץ, וואס צייכענט זיך אוים מיט זיין גרויסקייט, וואס ענטהאלט א גאנצען פערענדיגטען געדאנק און איז שען קינסטלעריש געבויט, — הייסט פעריאד. אין יעדען פעריאד קען מען אונטערשיידען צוויי טיילען; דעם ערשטען טייל רעדען מיר ארויס אויף א הויכען קול; דאס איז די שטייגערונג. דעם צווייטען טייל רעדען מיר ארויס מיט א שוואכערער שטים; דאס איז די נידערונג.

פאר אייך, מיינע ארימע ברידער און שוועסטער,
וואס זענען צוזייט און צושפרייט אויף דער וועלט
וואס קריכען און בלאנדושען אויף טויזענדער וועגען
אין רעגען, אין שטורעם, אין היץ און אין קעלט,
פאר דיר, א, דו, אייביגער קרעכצער און זיפצער,
פערשווארצטער, פערקלאגטער, פערמאטערטער יוד, —

מיט שאלען און זינגען, הילכען און קלינגען
מיין פרישעס, מיין לעבעדיג-פרעהלעכעס ליעד. (פרץ).

אויב די שטײַגערונג מיט דער נידערונג זענען פֿעראײניגט דורך
דער אונטערטואונג, איז עס אַ אונטערגעטאָנער פּעריאָד.
אויב — די שטײַגערונג מיט דער נידערונג זענען פֿעראײניגט
דורך דער פֿערבינדונג, איז עס אַ פֿערבונדענער פּעריאָד.

## אַרטען פֿון פּעריאָדען.

§ 93. אַ פּעריאָד איז אַ פֿערברייטערטער צונויפֿגעזעצטער זאַץ.
און אַזוי ווי ס'זענען דאָ פֿערשידענע צונויפֿגעזעצטע זאַצען, אַזוי קענען
זײַן פּעריאָדען פֿון פֿערשידענע אַרטען.

מיר וועלען אָנווײַזען פֿאָלגענדע אַרטען פֿון פּעריאָדען.

דער **פֿערגלײַכענדער** פּעריאָד, דאָס איז זעהר אַ פֿערברײַ-
טערטער שטײַגער-בײַזאַץ מיט זײַן הויפּט-זאַץ.

ווי נח איז אַמאָל אין דער תבה איבערגעבליבען פֿון אַלע בעשעפֿענישען
אויף דער וועלט, וואָס זענען דערטרונקען געוואָרען אין דעם מבול, — אַזוי בין
איך, ישראל בן ציפּע, איבערגעבליבען אין מײַן שטאָט אײן אײנציגער בחור פֿון
אַלע מײַנע חברים, וועלכע זענען דורך דער אָנשיקעניש פֿון שדכנים געוואָרען
יונגע בעלי-הבתים'לעך פֿאַר דער צײַט, און אײַנגעזונקען געוואָרען טיעף ביז דעם
האַלדז אין דלות און קבצנות, נעבעך. (מ. מ. ס.).

דער **שליסענדער** פּעריאָד צײכענט זיך אויס דערמיט, וואָס
אין דער נידערונג ווערט געמאַכט דער סך-הכל פֿון דעם אַלעמען, וואָס
ווערט געזאָגט אין דער שטײַגערונג, אָדער ס'ווערט געמאַכט אַן אויספֿיהר,
ס'ווערט אָנגעוויזען אַן אויספֿאָלג.

די פֿעלדער און וועלדער אַרום און אַרום,
די וואָלקענס און שטערן, די טײַכען און קוואַלען,
דאָס גרינגענקע בלאַט און דאָס ראָזאָווע בלום,
בעשפּריצט מיט דעם טוי און בעשײַנט מיט די שטראַהלען;
דער זילבערנער שנעה און דער גאָלדענער זאַנג,
די ערד און דער הימעל פֿון אונטען און אויבען, —
אַלץ, אַלץ האָט געזונגען פֿון האָפֿנונג און גלויבען,
און זיס איז געווען זײַער ליעבעס-געזאַנג. (פֿר.).

דער **צונויפֿשטעלענדער** פּעריאָד צײכענט זיך אויס דערמיט,
וואָס זײַנע טײלען זענען זעהר פֿערברײטערטע צונויפֿשטעלונגען
פֿון זאַצען. (§ 51).

און אָפּטמאָל, ווען אומלבּע געדאַנקען קײַעהלען איהם גאָר צו שטאַרק, זועֶן ער דערמאַנט זיך אָן אַלע עבֿרות, וואָס ער האָט געטאָן די לעצטע טעג, נאָכדעם, ווי ער האָט דאָס לעצטע מאָל געגומען אויף זיך תשובה צו טאָן; ווען ער דערמאַנט זיך וועגען דעם גנבֿ'ענען געלד בײַם טאַטען אין שטוב און ווײַנע ליגענם, אַז נעכטען האָט ער קיין מנחה ניט געדאַוועֶנט, — דאַן געהט ער אַרוים פֿון חדר, קלעטערט איבער דעם פּאַרקאַן, פֿערקאַטשעט די קאַפּאָטע און לאָזט זיך גאַלאָפּ איבער דער לאָנקע, וואָס ציהט זיך העט ביז צום טײַך. (נ.).

דער נאָכגעבענדער פּעריאָד איז זעהר אַ פֿערברײַטערטער נאָכגעבענדער בײַזאַץ מיט זײַן הויפּט־זאַץ.

און האָטש יוסף הצדיק איז געוועֶן אַ יתום, אַנ'אָרים בחור'ל, וואָס האָט זיך אויפֿגעהאַלטען אין אונטערשטען קלײַזעל פֿון אַ „פֿאָלג מיר אַ גאַנג", און חאָטש איך בין געוועֶן אַ נגיד'ס אַ יונגעל, דעם זײַדען רב מאיר'ס אַנ'אייניקעל, — פֿונדעסטוועגען וואָלט איך מיט איהם געבּיטען נאָר צוליעב דעם אייגעם טאָג פּורים אַליין. (ש. ע.).

## הויפּט־שטריכען פֿונ'ם יודישען סינטאַקסיס.

§ 94. מע קען אָנווײַזען פֿאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פֿונ'ם יודישען סינטאַקסיס:

1) די יודישע ווערטער־אָרדנונג איז זעהר פֿרײַ. זי שטעהט ווײַט פֿון דער דײַטשער און קומט נאָהנט צו צו דער העבּרעאישער און בעזונדערם צו דער סלאַווישער — רוסישער, פּוילישער און אַנד.

2) יודיש לײַדט ניט קיין פֿערקירצטע בײַזאַצען. חאָטש מיר האָבּען בעוויזען, ווי אַזוי מע קען בכלל פֿערקירצען אַלע בײַזאַצען, וואָס ווערען געוועהנליך פֿערקירצט אין אַנדערע שפּראַכען, פֿונדעסטוועגען מוז מען זאָגען, אַז גאַנץ אָפּט זענען די בײַשפּילען געוועֶן קינסטליך צו־זאַמענגעשטעלט. יודיש ציהט פֿאָר, אין דעם גרעסטען טהײל, פֿולע בײַ־זאַצען. פֿון די פֿערקירצטע זאַצען ווערט בעזונדערם אָפּט געבּרויכט אין דער ליטעראַטור דער פֿערקירצטער צײַט־בײַזאַץ.

3) אין יודיש איז זעהר אַנטוויקעלט די ווײַטערע העֶרשונג (דורך בײַווערטער). די ראָזיגע שטרעבונג אויסצודריקען די בעציהונג צווישען זאַכען ניט דורך ענדונגען, נאָר דורך ווערטער, ניט עטימאָלאָגיש, נאָר סינטאַקטיש — איז בעקאַנט אין דער שפּראַכוויסענשאַפֿט אונטער'ן נאָמען „אַנאַליטישער שפּראַך־בוי", און איז די אייגענשאַפֿט פֿון אַלע

שפּראַכען, וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט אין דער נײַסטער צײַט (בולגאַריש, פראַנצויזיש, ענגליש, רומעניש און אַנד.).

## זאַמלונג פון אַלע כּללים וועגען אָבשטעלונג־צייכענס.

§ 95. אָבשטעלונג־צייכענס האָבען זעהר אַ גרויסע בעדייטונג. זיי העלפען בעסער צו פערשטעהן דעם זאַץ, אַנווייזענדיג, צו וואָס פּאַר אַ וואָרט ס'קעהרט די אָדער יענע בעשטימונג. זיי ווייזען אָן, וואו מע דאַרף זיך אָבשטעלען און מאַכען אַ גרעסערן אָדער אַ קלענערן איבעררייס. זיי ווייזען אויך אָן אויף דער אינטאָנאַציע, מיט וועלכער מע דאַרף אויסרעדען דאָס וואָרט און דעם זאַץ. ס'זענען דאָ אַזעלכע אָבשטעלונגס־צייכענס: 1) פּינטעלע, 2) אונטערשטריך, 3) פּינטעלע מיט אַן'אונטער־שטריך, 4) צוויי־פּונקט, 5) פראַגע־צייכען, 6) אויסרוף־צייכען, 7) פיעל־פּונקט, 8) שטריך, 9) פרעמד־צייכענס.

### פּינטעלע.

§ 96. יעדער זעלבסטשטענדיגער זאַץ ווערט אָבגעטיילט פון'ם צווייטען מיט אַ פּינטעלע.

עס איז נאָך ווינטער, מיט שנעה אַרום איז נאָך אַלץ בעדעקט. נאָר דאָך קוקט שוין גאָט פון דער היך מיט קלאָרע אויגען אַראָב. (א.). עס איז שוין פאַרגאַנגען געוואָרען. די זון האָט נאָך אין וואַלד אַרײַנגעקוקט צווישען די בוימער. בישט וואו און נישט ווען האָט זיך דאָס גרינס צווישען איין בוים און דעם צווייטען בעוויזען, דער קלענער וואַלד איז שטיל געוואָרען. (א.).

### אונטערשטריך.

#### א. אין איינפאַכען זאַץ.

§ 97. אַנ'אונטערשטריך ווערט געשטעלט:

1) ביי דער פערברייטערטער זאַך־בעשטימונג, וואָס שטעהט נאָכ'ן וואָרט צו וועלכען זי געהערט. (ביישפּיעלען אין § 25).

2) ביי דער ווענדונג, ווען זי ווערט אויסגערעדט ניט מיט אַ בעזונדער גרויסער קראַפט. (ביישפּיעלען אין § 32).

3) ווען אַ וואָרט ווערט איבערגע'חזר'ט עטלעכע מאָל צוליעב דער גרעסערער קלאָרקייט, אָדער כּדי צו ווייזען, אַז די טואונג, דער־צושטאַנד, קומען לאַנג פאָר, רויערן.

װי! װיִם עס רעדט, װי! קלוג עס פרעגט: „אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ, װען קומט־
און ברענגט אַפּעני מיר מײַן גוטער, גוטער פאַ?". (ס. ר.). „װאוּהין,
װאוּהין, דו, שענעם קינד?". (ס. ר.). אין די אַלטע, אַלטע צײַטען
איז געװען אַמאָל אַ קעניג. (פ.). אַ קול, אַ קול פֿון הימעל הער איך קלאָגען
זיס און ריין. (פר.):

4) נאָך די אויסגעשרײַ-װערטער — אַך, אָ, לײַדער, װעה,
נו, און אַנד., אויב זײ װערען אויסגערעדט ניט מיט אַ בעזונדערער קראַפט.
„נו, װאו װעל איך אײַך זעצען?" פרעגט ער פערדריעסלעך (פ.). אוי, ניט
גוט, הערט איהר, אז דאָס װײַב איז אַ מאַנסביל! (ש. ע.). יאָ, אַװעק איז
יענער חלום... (ס. ר.). אָ, קאַלט און פֿינסטער איז מײַן שאָף. (ס. ר.)
אַך, הײם און ביטער זענען זײ געװען, די טרעהרען... (פר.).

5) בײַ אַ בײַגליד, אויב ער איז זעהר פערברײַטערט אָדער
אויב מע װיל אויף איהם ציהען אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקײַט.
װידער איז דער מאַי געקומען, מיט זײַן צויבער, מיט זײַן פראַכט... (ס. ר.)
... דער בעל-הבית פֿון דער קרעטשמע, אַ האָריגע יוד, מיט אַ קאָר־
טאָפֿעלדיגער נאָז... (ש. ע.).

6) בײַ די בעמערקונג-װערטער. (בײַשפּיעלען אין § 35)

## ב. אין צונויפגעזעצטען זאַץ.

1) מיט'ן אונטערשטריך װערט אָבגעטײַלט אײן בײַזאַץ פֿונ'ם צװײ־
טען. (בײַשפּיעלען אין § 59).

2) עטלעכע זעלבסטשטענדיגע זאַצען אין דער זאַץ-פערבינדונג, אויב
זײ זענען ניט איבעריג פערברײַטערט. (בײַשפּיעלען אין § 55).

3) גלײַכאַרטיגע זאַץ גלידער, אין צונויפגעצויגענעם זאַץ. (בײַ־
שפּיעלען אין § 30).

4) אַ בעמערקונג-זאַץ. (בײַשפּיעלען אין § 35)

## פּינטעלע מיט אַן'אונטערשטריך

§ 98. אַ פּינטעלע מיט אַן'אונטערשטריך װערט געברויכט:

1) אויב עטלעכע פערבינדונג-זאַצען זענען גאַנץ פערברײַטערט,
בעזונדערס, װען אינגװעניג אין די זאַצען קומט שוין פֿאַר אַן'אונטער־
שטריך (בײַשפּ. אין § 55).

2) אויב די גלידער פון אַ אונטערטואונגס־זאַץ זענען זעהר פערברייטערט (ביישפּ. אין § 58).

3) געוועהנליך ביי דער בעשרייבונג.

איך זעה מיך ליגענדיג בשלום על משכבי, אויף מיין געלעגער אונטער אַ חופּה פון פורפורוואַל, געבונדען מיט שטריק פון ליינען די הענד און די פיס; אַ גרויסער פענצטער, אַנ'אָנגעפילטער מיט אייז זיצט, ווי אַ קרוין מיט קריסטאַל, מיר אויפ'ם קאָפּ, און משרתים אין די בגדי כהונה בעדינען מיך מיט'ן כח; מען וועצט מיך אריין אין אַ בעטעל פון מירמעלשטיין און מע לאָזט אויף מיר אַ שטראָם עפּעס פון אַ מין וואַסער אַוועלכעס; די מאַמע מיינע שטעהט לע'ם מיר אין מיין מחיצה, דער בעל־שם און די אַלטע גויה, להבדיל, אויך זיי; עם שיינען זיי די פנים'ער, די אויגען טריפען זיי טרעהרען פאַר פרייד, צוזעהענדיג דעם כבוד, וואָס מע טוט מיר אָן; איך קוועל אָן, קוקענדיג אויף זיי, און זיי קוועלען אָן, קוקענדיג אויף מיר. (ס. מ. ס.).

## צווייפּונקט.

### § 99. דער צווייפּונקט ווערט געברויכט

1) פאַר אַנ'אויסרעכענונג פון זאַכען.

דריי זאַכען זענען פערשידען ביי'ם מענטשען: דער קול, דאָס פּנים און די דעה. (שפר.). דריי זאַכען קענען ניט לעבען אין שלום: ווייבער, הינד און היהנער. (שפר.). מיר זענען גאָר אַ קליין געזינדעל: איך און ער, דער שוויגער און דער שוועהר, געצעל און פייוועל, בריינע און טרייגע, ברוך און שלמה וכדומה. (שפר.).

2) ביי דער בעגרינדונג (§ 54), ווען ס'איז דורכגעלאָזט דאָס בינדוואָרט.

ניט אַזוי גיך טוט זיך, ווי ס'רעדט זיך (ווייל): געגוג יסורים, גענוג קאָפּדרעהעניש האָבען מיר איבערגעליטען, איידער מיר האָבען צונויפגעשלאָגען עטלעכע קערבלעך אויף דער הוצאה. (ש. ע.).

3) פאַר פרעמדע רייד, וואָס שטעהען נאָך דעם מחבר'ס ווערטער. (ביישפּ. אין § 88).

## פרעג־צייכען.

### § 100. דער פרעג־צייכען ווערט געשטעלט

1) נאָך אַ פרעמד־זאַץ, וואָס ענטהאַלט אין זיך אַ פרעגע.

„ווי קען זײַן דער רבי, וואו זאָל ער זײַן?" (פּ.).

2) נאָך אַנ׳אײַנגענער, פערוואַנדעלטער פראַגע נאָר דעמאָלט, ווען איהר ווערט צוגעגעבען אַ געוויסע זעלבסטשטענדיגקײַט.

ווי געוועהנלעך האָט אונז דער בעל־הבית פון דער קרעטשמע... באַלד אַ חאַפּ געטאָן: „ווער זענען מיר, פון וואַנען און וואוהין פאָהרען מיר, וועלכע יונגע צוצעקלעך?" (ש. ע.).

## אויסרוף־צײַכען.

**§ 101.** דער אויסרוף־צײַכען ווערט געשטעלט

1) נאָך אַנ׳אויסרוף־זאַץ.

מײדלעך ווערען רויט און בלאַס, אַז ער וויײַזט זיך אויף דער גאַס, אַז דער שענער מאָניש געהט! (פּ.). ס׳לויפט די יויך, די מילך ברענט, און זי זיצט פערלײַגט די הענד, קוקט אויף מאָנישען און קוועלט! (פּ.). לאָזט נישט בלומען, נאָר ניט שפּאָטען! (מ. ר.). אַ, פרעמד איז מיר מײַן אײגען לעבּ! אָ, פרעמד מײַן קינד׳ס אַ בליק! (מ. ר.).

2) נאָך דער ווענדונג, אויב זי ווערט אַרויסגערעדט מיט אַ בעזונדערער קראַפט. (בײַשפּ. אין § 32).

3) נאָך די אויסרוף־ווערטער: אוי, אַך, לײַדער, וועה און אַנד., אויב זיי ווערען אַרויסגערעדט מיט אַ בעזונדערער קראַפט.

אָבער וועה איז אונז, וועה! אונזער נביא און העלד הערט ניט מעהר אונזער וויינען און קלאָגען... (פר.).

## פרעג־צײַכען מיט אַנ׳אויסרוף־צײַכען.

**§ 102.** אויב דער פרעג־זאַץ דריקט אויך אויס פערוואונדערונג, ערשטוינונג, ווערט נאָכ׳ן פרעג־צײַכען געשטעלט אַנ׳אויסרוף־צײַכען.

אַ סופר׳ס אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט?! (פּ.). „וואָס שווײַגט איהר זיי ר׳ אשר׳ל?!" רופט זיך אָן דער רבי. (ש. ע.). „וואָס איז דאָס?! ווי קומט ער אהער?!" האָט רחל׳ע געוואָלט פרעגען און אָבטרעטען פונ׳ם פענסטער (ש. ע.).

## פּיעל־פּונקט.

**§ 103.** דער פּיעל־פּונקט ווערט געשטעלט

1) אויב דער זאַץ איז איבערגעריסען.

אויף מיר מיט מײַן חבר אריה לייב אינ׳אנגעפאלען אוא געלעגטער, אז װען ניט אונזער בעשיצער, ר׳ לייזער ואל דא זײַן, װאלטען מיר פון דעם האהריגען קרעטשמער, מיט דער קארטאפעלדיגער נאז געהאט בדעה חאפען מוזמנ׳ע פעטש, אוי בײַז האט ער געקוקט אויף אונז בײדען, והראיה... געגנוג לעזער! (ש. ע.). װעה איז מיר... אײן טענטש אליין... געה צורעס זיך... די קוה מעלקען... אין מארק געהן... א שטוב ניט צו פערזינדיגען... קינדערלעך, קײן עין-הרע... (ש. ע.).

2) װען די װערטער װערען ארויסגערעדט מיט אויפרעגונג, ניט אין א נארמאלער שטימונג.

איך האב שוין אלע לידער אויסגעזונגען, אלע טרעהרען אויסגעװײנט... (פר.). ליעבע װערטיגע פארנאטמען אין שוהל-געסעל! װער ס׳האט אײך געהאט, װער ס׳האט אײך פערלארען... (א.).

## שטריך.

§ 104. דער שטריך װערט געשטעלט

1) װען ס׳װערט דורכגעלאזט א װארט.

א מאנספערשוין — א פארטרעט, א מויל װי אויף שרויפען, (פ.).
פארמען-ליפען — רויזען צוױי. (פ.).

2) בײַ אנ׳אונערװארטענער טװאונג.

און -- ס׳איז מיר א נס געשעהען! (פ.). פידעל — דאס איז די מאמע פון אלע כלים. (ש. ע.), קאשטשײ טוט א זאג —, און ס׳לאזט זיך הערען א געװאנג. (מ. מ. ס.).

3) צװישען די רײד פון עטלעכע פערזאן (בײַשפ. אין § 89).

4) פון בײדע זײַטען פון דער פערברײטערטער זאך-בעשטימונג, אנשטאט אונטערשטריכען. (בײַשפ. אין § 25).

5) בײ׳ם בעמערקונג-װארט און בעמערקונג-זאץ. (בײַשפ. אין § 35).

## רינגעלעך.

§ 105. אין רינגעלעך װערט געשלאסען א בעמערקונג-װארט אדער בעמערקונג-זאץ, װאס האבען װעניג שײכות מיט׳ן װארט, צו װעלכען ניזהערטען, אדער װען זײ אגען װעהר פערברײטערט. (בײַשפ. אין § 96).

## פּרעמד־צייכענס.

**§ 106.** אין פּרעמד־צייכענס ווערט געשלאָסען

1) פּרעמדע רייד. (ביישפּ. אין § 88).

2) א וואָרט אָדער אויסדריק, וואָס מע וויל דערויף ציהען א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט, אָדער ווען מע וויל אָנווייזען, אז דאָס וואָרט, אויסדריק געהערט ניט מיר, נאָר א צווייטען.

בײַ דעם „געשטודירטען ליטוואַק" האָב איך געטראָפען מײַן אַלטען חבר אריה לייב. (ש. ע.) דער פּלישתי" האָט זיך אַ פּנים שטאַרק איבערגעשראָקען, פאַר אונזערע „צוויי מחנות". (ש. ע.).

3) טיטלען פון ביכער, צייטשריפטען, צייטונגען און אנד.

... אריה לייב... וואָס ליגט אויפ'ן בוידעם מיט א בלאט צייטונג „המליץ", געהט אויס נאָכ'ן „השחר". (ש. ע.).



**בעמערקונג** צום § 38: אין פּוילען זאָגט מען: איך בי[illegible] געגען די מוטער, אָהן די מוטער, אָהן די [illegible]ד א. א. וו. מע דאַרף אָבער ניט מיינען, אז דער געברויך פון דער כלל ווערט געשטערט, אז מיר האָבען דאָ דעם אקוזאטיוו, אין פּוילען ווערט דער ווייבלעכער ארטיקעל ניט געבויגען, אלע ווייב פאַלען זענען גלייך.

# אִין אַלֶע בַּיישְׁפִּיעלֶען פֿוּן יֶעדֶען אַרטִיקֶעל עֶרקלֶערֶען, פֿאַרוואָס ס׳שטעֶהט דער אָדער יֶענֶער אָבשטעֶלוּנג-צֵייכֶען.

---

**1.** (צום § 25). יאָסעֶלֶע, אַ שטִיל, אויסגעֶמאָגעֶרט קִינד, חאַפּט דעֶם קלאַפּ אַמאָל גאָר גלַייכגִילטִיג. (ד.). יאָסעֶלֶע אִיז בַּיי זַיין מאַמעֶן, חיעֶניֶז דעֶר שמש׳טעֶ, אַנ׳עֶרשט יוּנגעֶל געֶוועֶן. (ד.). אוּן ר׳ יהושע-העֶרשעֶל דעֶר כלי-זמר, אַנ׳עֶלטעֶרעֶר יוּד מִיט אַ וואַטאָוועֶ קאַפּאָטעֶ, מִיט גראָבֶּעֶ פאות אוּן מִיט אַ לאַנגעֶן טלִית קטן, טוּט אַ קלאַפּ מיט׳ן סמִיטשִיק אִיבֶּעֶר׳ן פִידעֶל. (ש. ע.). „מַיין מאַן, דעֶר סקוּלעֶר רב, אִיז אַ מתנגד געֶוויֶזעֶן. (פ.). גדליה אִיז אַ יוּד אַ שוּסטעֶר, אַנ׳אויסגעֶדִינטעֶר סאָלדאַן. (ש. ע.). יִשׂראל, אַ הויכעֶר יוּד מִיט אַ לאַנג פּנִים אוּן מִיט וואַט אִין דִי אויעֶרן, טוּט אַ האַלבֶּען שמַייכעֶל אוּן אַ מאַך מִיט דעֶר האַנד. (ש. ע.). שטִילעֶר פֿוּן אַלעֶמען אִיז פִינִילע, אַ קלַיין יוּנגעֶלע מִיט קרוּמעֶ אַייַנגעֶבּויגעֶניֶ פִיסלעֶך אוּן מִיט אַנ׳אוּנטעֶרגעֶשטעֶקט העֶמדעֶלעֶ. (ש. ע.). אפרִים קלאָץ, אַ יוּד אַ ווִילד פֿרעֶמדעֶר, האָט נאָכגעֶקוּקט נאָך מִיר. (ש. ע.). חאַצקעֶל דעֶר עֶלטעֶסטעֶר בּרוּדעֶר, האָט קוּנצִיג זִיך געֶקראַצט מִיט אַיין פִינגעֶר אִין זַיין געֶל בּעֶרדעֶל. (אַ.).

**2.** (צום § 30, 47), יאָסעֶלעֶ שרַייט, צאַפּעֶלט זִיך, בַּייסט דאָס בּעֶנקעֶל פֿאַר וועֶהטִיג. (ד.). יאָסעֶלעֶ אִיז אַהַיים געֶקוּמעֶן אַ צוּבּלוּטִיג-טעֶר, אַ צוּבֵּייַלטעֶר. (ד.). אוּן אַ קאַלטעֶר ווִינד, אַ שטאַרקעֶר ווִינד האָט געֶדרעֶהט אוּן געֶבּלאָזעֶן דוּרך דִי פֿעֶנסטעֶר, דוּרך דעֶר טִיר, דוּרך דִי ווענד פֿוּן אַ קלַיין, אַייַנגעֶהויקעֶרט שטִיבֶּעל. (ש. ע.). לאַנג, גאַנץ לאַנג האָבֶּען מִיר זִיך נִיט געֶזעֶהעֶן נִיט בּעֶגעֶגעֶנט. (ש. ע.). דאָס גאַנצעֶ לעֶבֶּעֶן זַיינס האָט עֶר מקרִיב געֶוועֶן פֿוּן דִי קִינדעֶרס וועֶגעֶן: געֶהאָרעֶוועֶט, אויסגעֶרִיסעֶן געֶויאָרעֶן, גאַנצעֶ טעֶג אויף דעֶר הִיץ, גאַנצעֶ נעֶכט אויפ׳ם פֿראָסט, זִיך געֶשלעֶפּט אִין רעֶגעֶנס אוּן אִין בּלאָטעֶס, שוין געֶלִיגעֶן וויפִיעל מאָל אוּנטעֶר׳ן וואָגעֶן. (ש. ע.). אוּן עֶס האָבֶּען זִיך געֶגעֶבֶּען

אַ ציה הענד — דאַרע, לאַנגע, בלײַכע, פעטע, דיקע, רויט-האָריגע און אײַדעל-גלאַטע. (א.). שאָטענס פון משונה'דיגע געשטאַלטען טאַנצען, שפרונגען, מאַכען אָן עפּעס אַ מורא אויף די אַלע קינדער. (מ. מ. ס.). קבצנסק שיקט אהין (אין גלופסק) געװעהנטלעך אַרוים אַלערלײַ סאָרטען נפשות: מיני מלמדים, בעהעלפערס, מעקלערס, בטלנים, צוגעלעגערטע. (מ. מ. ס.).

3. (צום § 32). בערוהיגט זיך, מאַדאַם זעמעל, קומט צו זיך! (ש. ע.). איך האָב צו דיר, רבונו של עולם, קײן טענות מעהר! (ד.). געָנוג, הערשעלע, זײַן אַ יונגעל! (מ. מ. ס.). וועה איז מיר! איך האָב דאָך שוין אַמאָל הונדערט פערזוכט אָט דעם אײַנגעמאַכטס, שװיגער! (ש. ע.). הערסטו, רחל'ע, איך מײַן דאָס אַ קענגען דעם... (ש. ע.). וואָס קוקסטו מיך אָן, כטעמפּעניו? (ש. ע.) מיר װעלען זיך נאָך זעהען, פרײַדעל! (ש. ע.) טשעפע ניט, מאַמע, וועסט נאָך קאַליע מאַכען. (ש. ע.), אָ, איהר, קלײנע ליכטעלעך, איהר דערצעהלט געשיכטעלעך. (מ. ר.). גוט מאָרגען, ר' קרוב! (פּ.). וואָס וועסטו זאָגען, יונגעלע? (ש. ע.). איהר האַלט וואָרט, ר' ישראל! (ש. ע.). אַצונד, קינדער, לאָמיר זיך צוזעצען אַביסעלע אָפּרוהען. (ש. ע.). קינדער! איך וועל אײַך דערצעהלען אַ מעשה מיט אַ פאָהן. (ש. ע.). יונגעל, ווי אַזוי רופט מען דיך? (ש. ע.). אוי, קינדערלעך, איך האָב קײן ווײַסע בולקע אינדערוואָכען קײנמאָל ניט געגעסען! (ש. ע.). טרעפט, קינדער, וואָס פאַר אַ יום-טוב איז דער בעסטער פון אַלע ימים-טובים? (ש. ע.) פאָהר געזונדערהײד, טאַטעשי! (א.).

4. (צום § 35) אמת, דאָס דאָזיגע בריוועל פון סטעמפּעניו'ן איז ניט אַזוי קונציג. (ש. ע.). זײַן פאָטער, עליו השלום, בערעל באַס, האָט איהם גיך גענומען צו דער מלאָכה. (ש. ע.). די חברה כלי-זמר, דאַרפט איהר וויסען, האָבען פון תמיד אָן ליעב גוזמאות. (ש. ע.). פרײַדעלס טאַטע, פערשטעהט זיך, איז אויך ניט געוועזען קײן פערוױנטע נשמה. (ש. ע.). אמת, דאָס איז געוועזען ניט אָפט, ניט אַלע מאָל האָט זיך איהם (סטעמפּעניו'ן) געשפּיעלט. (ש. ע.). מילא, הער איך זי עפּיס, אַז איך זעה בחוש, אַז איהר איז בעסער. (פּ.). בײַ אונז — פערשטעהט איהר — איז ירוד אײן מאָל אין יאָהר. (פּ.). אַז איך בין אַהײם געקומען (ווי אַזוי, ווײס איך גישט), איז זי שוין געלעגען אויף דער ערד. (פּ.). מײַן מאַן, דער סקולער רב, זכרונו לברכה, איז אַ מתנגד געוועזען. (פּ.). און גאָט, ברוך הוא, האָט ווײַטער געהאָלפען. (פּ.).

שרייבט, איך בעט אייך, שרייבט (פ.). אלמה ביילע באַשע (דעם צונאָמען קען מען נישט געוואָהר ווערען) וואוינט צוזאַמען מיט אַ שנור אַ זעלנער-קע. (פ.). ביי אונז — די מעשה דערצעהלט מיר אַ דרדקי-מלמד — איז טאַקע אין דער אמת געוועזען אַ למד-וואָו-ניק. (פ.). ישראל פאַלט, חס ושלום, ביי זיך ניט אַראָב. (ש. ע.) די קבצנסקער בעלי-הבתים זענען, נישט פאַר אייך געדאַכט, גרויסע אביונים. (מ. מ. ס.).

**5.** (צום § 59) איהר האָט גאָר ניט קיינעם אין הימעל דאָרט אויבען, צו וועמען צו שרייען, אַז איהר זענט אין נויט? (מ. ר.). אַליין עפּטער הערט ער אין דער היים די טענות מיט די זידלערייען, צו וועלכע ער איז שוין אַזוי געוואוינט. (נ.). און ווי גרויס איז חיענעס שמחה געווען, אַז יאָסעלע האָט צום יאָהר אָנגעהויבען געהן! (ד.) די האָפנונג, אַז יאָסעלע וועט נאָך זיין אַ מופלג אַ למדן, ווי ברוך אַליין זאָגט, גיט איהר צו כח צו צוקוקען, האָטש-מיט אַ וועהטיג אין האַרצען און טרעהרען אין די אויגען, ווי איהר מאַן פּייניגט איהר טייער קינד, ווי ער הייסט איהם איבערזאָגען איין ענין צעהן מאָל, קנייפּט איהם און בובעט איהם, ביז ער טרעפט, וואָס דער טאַטע מיינט. (ד.). מע זאָגט, אַז זינט בתריליוועקע איז אַ שטאָט, האָט זיך נאָך ניט גע-טראָפען, אַז אַ יוד זאָל דאָרט, חלילה, נישט האָבען אויף שבת. (ש. ע.). ווי אַזוי זאָל זיך נח צעלניקער נישט פרייהען, אַז גאָט האָט איהם גע-האָלפען, ער גיט אויס דאָס לעצטע קינד, ער מאַכט חתונה די יונגסטע טאָכטער? אַ ווילדער פרייד-געשריי האָט זיך אויסגעריסען פון אַלע מיילער אַרום, און, אַז די פאַליע פון די ווילדע געשרייען איז אַריבער, פרעגט מען די פער'משפט'ע צום טויט, אויב זי האָט זיך נישט עפּעס וואָס צום לעצטען מאָל צו ווינטשען. (פ.). און די צדיקים האָבען זיך פאַר איהר געמיהט: די טויערן פון גן-עדן האָבען זיך איהר נאָך די דריי מתנות געעפענט! (פ.).

**6.** (צום § 89). צו צוויי יאָהר האָט יאָסעלע שוין געקענט „מודה אני" זאָגען. (ד.). „פליה זשע, נשמה'לע — זאָגט ער ווייטער — נידריג אַרום דער לעבעדיגער וועלט און קוק זיך צו, ווי עס לעבט זיך, וואָס עס טוט זיך, און דערזעהסטו עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויס-טערליש שען און גוט, חאַפּ עס און פליה דערמיט אַרויף; עס וועט זיין אַ מתנה פאַר די צדיקים אין גן-עדן. און מיט דער מתנה אין דער האַנד זאָלסטו אָנקלאַפּען און מעלדען זיך אין מיין נאָמען ביים מלאך פון-דער פאָרטקע. זאָג: איך האָב געהייסען! — און אַז דו וועסט

האָבען געבראַכט דריי מתנות — זיי זיכער — וועלען זיך פאַר דיר עפענען די טויערן פון גן-עדן; זיי וועלען פועל'ן... ביים כסא הכבוד האָט מען ליעב נישט די פיין געבוירענע, נאָר די אויפגעקומענע". (פ.). און די זעלנער שמייכלען און טראַכטען: „נאָך וואָס האָט מען אונז אזוי פיעל גענומען און אויסגעשטעלט? ער וועט נישט אויסהאַלטען די העלפט!" (פ.). ער (ר' יחזקאל) איז צוגעגאַנגען און די הענד אויס-געשטרעקט:

— שלום עליכם, יורען.

— עליכם שלום.

— היגע? — האָט ווער פון זיי געפרעגט, אָדער ביידע אינאיינעם.

— איך בין אַ קאָנסקע-וואָליער, מע דאַרף איבער'ן וואַסער, — ענטפערט דער יוד מיט דער שוואַרצער באָרד.

— איך בין אַ קאָזמענער, טראַטעווס אין דער ווייכסעל שטעלען. (א.).

ווער איז דאָס „וואָלף-שרייבער"? און וואָס איז דאָס אַזעלכעס זאָס „ריכטיגע" בוך?" (א.) „גוט וואָך!" גיט מיט אַמאָל אַ קלונג אין שטוב, און דער „גוט וואָך" איז עפעס געווען גאָר אַ בעזונדערער. (א.). „זאָלט איהר מיר געזונד זיין, מלכה-טויבעניו!" הייבט אָן טריינע-סאָסעל צו מאַכען מיט דעם צינגעל. (מ. מ. ס.).

7. האַלב-נאַקעטע ווייבער, נאַקעטע קינדער, האָבענדיג דאָס ביסעל אָרימקייט, פעק בעטגעוואַנד; ווער אַ קישען, ווער אַנ'עמער מיט שטוב-זאַכען, מיט אימה'דיגע געוואַלדען, מיט פאַנאַנדערגעלאָזענע האָהר, לויפען זיי פון פייער, גאַס אויס, גאַס איין. קליינע קינדער, האַלטענדיג זיך אָן דער מאַמעס שירצען, גרעסערע, העלפענדיג דער מאַמען די פעקלעך טראָגען, לויפען אין דער שוואַרצער וועלט אַריין מיט געוואַלדען, מיט געוויין. און דאָס פייער לויפט זיי נאָך, אַרוים-שטעקענדיג נאָך זיי זיינע צונגען, מאַמעס טראָגען וויגעדיגע קינדער אין די קישענס, בריידער — קליינע שוועסטערלעך, שוועסטער — קליינע ברידערלעך. מע לויפט מיט זיי אין פרעמדע שטיבער, זיי אוועקצולייגען אין פרעמדע בעטען, צו פרעמדע קינדער. דאָס פייער יאָגט די מענטשען פון די הייזער, טרייבט זיי אַרום, ווי ווילדע רוחות, און טראָגט זיי פון דאַך צו דאַך. דאָס פייער איז, ווי אַנ'אונגעהייערע ווילדע חיה מיט ברייטע, וויטע ברענענדיגע לאַפּעס, געקומען צולויפען פון וויסטע מדבריות און האָט זיך איבער'ן שטעטעל געלייגט, צו

פערניכטען אלץ, אלץ... יורען, גוים שלעפען עמערלעך וואסער, געהען מיט א געוואלד און גיעסען דאס וואסער אין פייער אריין; דאס פייער טרינקט עס אויס מיט א לעכערדיגען קנאק און טוט זיך ווייטער דאס זייניגע. (א.).

8. פארצייטיגע חסידים האבען געוואוסט, ווער חיים-יונה-וויטעלס איז געווען. עס איז געגוג געויען צו זאגען: דעם אלטענס בעל-תפלה. כידוע, האט מען ניט אזוי לייכט צוגעלאזט ביים אלטען צום עמוד. בפרט ראש-השנה ויום-כפור, און חיים-יונה-וויטעלס האט טאקע גע-דאווענט ימים נוראים. און עס איז ווערט געווען: א יוד א למדן, בנגלה און בנסתר, אבער גאר א שארפער למדן, און א ירא-שמים — אנ'אמת אבגעהיטענער יוד. אפילו נאך א יונגערמאן, גאר די תעניתים מיט די סגופים, וואס ער האט דורכגעמאכט, וואלטען געגוג געווען פאר צעהן מנינים... און עברי האט ער געזאגט! פערשטעהט זיך, נישט אויפ'ם חסידישען אופן, נאר אזוי עברי, א חתוך הדבור! א ווארט פאלט, ווי א פערעל פון מויל, און א קול האט ער געהאט — רבונו של עולם, מען זעהט גאר הײנט אזוינע בעלי תפלות נישט! (פ.). פאהרט אלימלך דער חסיד אהיים, און דינגט א גרויסע בויד, און בעט אויס די בויד, ווי א בעט: אונטען שטרוי, אויבען שטרוי — כרים וכסתות — און מע פאהרט מיט צוויי פאר פערד אין דער ברייט קיין לובלין. (פ.).

רבונו של עולם! וואס ליגט אזוינס אין דיין הארטער באנק אין בית-מדרש, אז דער, וואס נעכטיגט אויף איהר איבער א נאכט מיט'ן קולאק צוקאפענס שטעהט דעם אנדערן טאג אויף עפעס גאר אנ'אנדער מענטש, ווי ניי געבוירען? (מ. מ. ס.). עס איז שוין העט שפעט אין דער נאכט, גלופסק שלאפט, און צוויי יודישע קינדער קענען קיין אויג ניט צומאכען, ווארפען זיך, נעבעך, פון איין זייט אויף דער אנדערער און די געלעגערס אונטער זיי ארבעטען: סקריפען, קרעכצען, גיבען א קאנצערט, ווי דער שטייגער איז פון יודישע געלעגערס, וואס צווויגען זיך, צושאקלען זיך, צופילדערען זיך, זאגען שירה ביינאכט פון אמינדסטען ריהר. (מ. מ. ס.).

9. „איהר האט מיך ניט געפאלגט און זענט נישט ארויסגעגאנגען אויף דער בערדיטשעווער גאס? איך האב אויף אייך אומזיסט ארויסגע-קוקט... איך האב... איך בין... נאט לייענט!...” (ש. ע.). זיין (סטעמפעניו'ס פאטער), עליו השלום, בערעל באס, אז ער האט דער-זעהן, ווי סטעמפעניו האט חשק צו שפילען, און לערנען וויל ער

ניט קײן װאָרט, חאָטש בראָט איהם, חאָטש ברען איהם, האָט ער איהם גיך גענומען צו דער כּלה און האָט איהם פריהער אױסגע־פּרוּװוט אױף אַלע כּלים, ביז ער איז געבליבען שטעהן מיט׳ן פידעל, און בערעל באַס, װאָס האָט געהאַט, חוץ סטעמפּעניו׳ן, נאָך קינדער מוזיקאַנטען, האָט געזאָגט בפירוש, אַז אין איהם, און סטעמפּעניו׳ן, געפינט זיך אײן אָדער פון׳ם זײדען, ר׳ שמואל׳קע טראָמײט (װאָס האָט זיך פערזענלעך געקאָנט מיט׳ן גרױסען פידלער פּאַגאַניני). אַזױ אַז צו צװעלף יאָהר האָט שױן סטעמפּעניו געקאָנט „בעזעצען" אַ כּלה און טאַקע אָבשפּיעלען אַ גאַנצע חתונה. (ש. ע.). נאָר אײן זאַך האָט גאָט פריידלען פערזעהען: ער האָט איהר קײן קינדער ניט געגעבען! (ש. ע.). יאָ, דאָס האַרץ האָט הערשלען געזאָגט, און אַ היבשע צײַט איהם נישט אױפגעהערט צו זאָגען, ביז ער האָט אײנמאָל פון דער הײם בעקומען די װיסטע בשורה: „הערשעלע, זאָג קדיש נאָכ׳ן טאַטען: דו ביסט אַ יתום!". (מ. מ. ס.).

**10.** אױפ׳ם פריפּעטשיק ברענט אַפײַערעל, די מאַמע פאָרעט זיך עפּעס נעבען אױװען, דאָס הױזגעזינד זיצט ניט װײַט בײַ אַ טיש, איטלעכער מיט עפּעס אַ שטיקעל אַרבעט, און אײנער פון די בײדע חברים — אַמאָל דער, אַמאָל יענער — לײענט זײ פאָר דעם ספר הישר, די מעשה דאָרט, װי די ברידער פערקױפען יוסף׳ן וכדומה נאָך אַזעלכע שענע מעשיות פון הײליגע ספרים, דערבײַ שפּינט זיך אַ שמועס, איטלעכער װאַרפט אַרײַן אַ װאָרט, מע פערפליהט װײַטלעך, מען איז עפּעס נישט אױף דעם עולם; און דערװײַלע װערט פאַרטיג דער באָרשטש, מיט װעלכען מע בעלײַט שבת המלכה. אין שטוב זעהט טאַקע אױס, װי אױפ׳ם האַרצען: האַלב שבת׳דיג, האַלב װאָכעדיג, האַלב זיסלעך, האַלב זױער, אַזױ װי בײַם לעצטען װאַרמעס, װען מע ריכט אױס אַ טײַערן גאַסט אין װעג אַרײַן — מע זופט און מע טרײַסט זיך, זיך אין גיכען װידער צו זעהען. (מ. מ. ס.). זעלדע רב יאָסים, אַ יודענע מיט אַ קײַלעכדיגען פנים און אַגאַנץ שענע, איז געשטאַנען מיט אַ רױטען זײַדענעם פאַרטוך, מיט װײַסע שפּרענקעלעך, און האָט אױסגעטײַלט און צונױפגעשטעלט אַלע שלח־מנות׳ן, װאָס זי האָט בעדאַרפט שיקען יענעם און װאָס יענע האָבען געשיקט איהר. רב יאָסי לעמעשקע (אַזאַ צונעמעניש האָט ער געהאַט אין כתריליװקע) איז געלעגען אױף דער קנאַפּע. (מ. מ. ס.).

**11.** „זעה זשע, מײַן קינד", האָט זי (חיענע) מיט טרעהרען אין

די אויגען איהם (יאָסעלען) אָנגעזאָגט: „איך האָב דיך אויסגעלייזט פון דיין טאַטענס הענד, וואָס וואָלט דיך גאָר דער׳הרג׳עט אָדער פאַר אַ קאַליקע געמאַכט, ווען איך דערלאָז, ער זאָל מיט דיר ווייטער לערנען. איך־טו איצט פאַר דיר מעהר אַ סך, ווי מיינע כּחות זענען... צעהן רובעל אַ זמן האָב איך זיך מתחייב געווען, און מיין קאָפּ ווערט מיר געגוג טרוקענען און דאַרען, וואו די צעהן רובעל צו פערדינען! איך וועל ניט דערעסען, ניט דערשלאָפען, מיין קינד, איך זאָל פאַר דיין לערנען דיין רבּין ניט שולדיג בלייבען. זעה זשע, מיין קינד, מיין קרוין, צו וועלען לערנען! דאָס איז די איינציגע טרייסט מיינע אויף דער וועלט און מיין גאַנצע נחמה אויף יענער וועלט. ניט אויף דיין טאַטען דעם קראַנקען, נעבעך, קאָנסטו בויען, ניט אויף מיר. חאָטש דער אימפּעט טראָגט מיך נאָר מיינע וועהטיגען צו פערגעסען און אייך אַלעמען מיט עסען צו פערזאָרגען, קענסטו וואַרטען, איך זאָל דיר נאָך גיטס טאָן און דיר ליכטיג מאַכען דיין פינסטערע וועלט. די איינציגע נחמה און ישועה פאַר אַן אָרים קינד איז די הייליגע תּורה, וואָס גאָט, בּרוך הוא, האָט זיין פאָלק ישראל געגעבען! ווערסטו לערנען תּורה און קענען, וועט זי דיך פון דיין מאַמעס אָרעמקייט אַרויסנעהמען. דו ווערסט ווערען אַ וואוילער יונגעל, און אַז די מזל׳דיגע שעה וועט קומען, וועט זיך געפינען אַ גביר, אַן עושר, וואָס וועט דיך פאַר זיין קינד פאַר אַ חתן נעמען, דיר געבען אַ סך טויזענדער נדן, וועט צוליעב דיר דיין טאַטע־מאַמע בעגליקען. און אפילו דער מזל פון דיינע אָרעמע שוועסטער וועט צוליעב דיר אָנהייבען שיינען. דיין מאַמעס מיה און צער וועט אָנגעלייגט זיין, און ווער וועט צו מיר גלייך זיין? — דערווייל יאָסעלע, דאַרפסטו נאָר איינס האָבען אין זינען: וועלען לערנען און קענען לערנען! זיך ניט חבר׳ן מיט די חדר־יונגלעך, ניט מקנא זיין זייערע שענע קליידער, ניט זייערע גוטע זאַכען און געלד, וואָס דו וועסט זעהן ביי זיי. זייערע טאַטע־מאַמעס זענען נגידים רייכע, או קאָנען זיי מיטנעמען אין חדר כּל־טוב; דיין טאַטע־מאַמע זענען אָרימע לייט. דערפאַר אָבער האָסטו מעהר שכל פאַר זיי, און אַז דו וועסט נאָר קענען לערנען, וועסטו נאָך אַמאָל זיין רייכער פאַר זיי. געדענק, יאָסעלע, וואָס איך זאָג דיר און זאָג עס מיר צו צופאָלגען!" (ד.).

**12.** ס׳איז שוין לאַנג ניט געווען אין כּתריליווקע אַזאַ שענער פורים און אַזאַ וואַרימער. עס האָט פאַר פריה געלאָזט דאָס אייז, און פונ׳ם שנעה איז געוואָרען אַ מוּאַן בּיז׳ן גאַרטעל. די זון האָט געשיינט,

ס'האָט געבלאָזען אַ פּויל ווינטעל. אַ נאַריש קעלבעל האָט זיך אויסגע-ווויזען, אַז סע שמעקט מיט ווענסנע, האָט דאָס אָנגעהויבען בלעקען, פערריסען דעם ווײַדעל, אַראָבגעלאָזט די מאָרדע און אַרויסגעלאָזט אַ האַלבען „מע״! אויף דער גאַס זענען געלאָפען שלענגעלדיגע ריטש-קעלעך אַראָב אַ באַרג, געשלעפּט מיט זיך וואו ערגעץ אַ שפּינדעל, אַ שטרוי אָדער אַ שטיקעל פּאַפּיר. אַ גליק, וואָס אין שטאָט איז נאָך בײַ קײנעם ניט געווען אויף מצות; אַ ניט, וואָלט מען געקענט מײנען, אַז ס'איז ניט פּורים, נאָר ערב-פּסח. (ש. ע.). דער חשק צו שפּיעלען אין'ם פידעל איז געוואַקסען מיט מיר אינאײנעם. וואָס עלטער איך בין געוואָרען איז דער חשק געוואָרען נאָך גרעסער. און ווי אויף צו-להכעיס האָב איך בעדאַרפט אַלע טאָג האָרכען כלי-זמר. פּונקט אויפ'ן מיטען וועג, צווישען דערהײם און צווישען חדר, איז געשטאַנען אַ קלײן שטיבעל מיט ערד געדעקט, פלעגט זיך פון דאָרטען תמיד הערען פערי-שיעדענע קולות און געזאַנגען פון אַלערלײַ כלים, און, מעהרסטענטײל, קולות פון אַ פידעל. (ש. ע.).

**13.** אַך, ווען ניִשט דאָס עסען, ווען ניִשט דאָס עסען, וואָלט דאָס לעבען אין קאַבצאַנסק פאַר הערשעלען קינדרווײַז געווען זעהר אַ גליקלעכס, ווי אין גן-עדן! צײַט אויף צו שטיפען, אַרומצולויפען פרײַ; האָט ער געהאַט אַ שענעם נאָמען בײַ ווײַסע-חברה האָט ער, ברוך השם, געהאַט; עסקים אַלערלײַ האָט ער, ניִשט צו פאַרזינדיגען, אויך געהאַט: ער איז געווען אַ גענעראַל, אַ סוחר, אַלסדינג, וואָס איהר ווילט, און וואָס מאַכט יונגלעך איבער-גליקליך. נאָר אײן קלײניגקײט — אָט דאָס עסען, וואָס דאָס מעגענדעל זײַנס פלעגט מאָנען עסען — דאָס האָט איהם נאָר צודרעהט, פאַרשטערט די שמחה. ס'זענען געווען צײַטען, ווען ער איז געקומען אַהײם הונגעריג נאָך אַזוי פיעל מיה און אָנטופען זיך, נעבעך, גע'חלשט עסען, חאָטש וואָס-ס'איז, פון יוצא וועגען — און גאָר ניִשט, ניִשטאָ קײן לעק! ער פלעגט ווײנען, זיך קראַצען, האַלטענדיג בײדע הענטלעך אין די האָר פונ'ם קאָפּ און שרײַען, שרײַען, ביז ער איז געבליבען ליגען אָהן כחות און אַנשלאָפען געוואָרען. שפּעטער איז ער שוין מיט אַזעלכע זאַכען געוועהנט געוואָרען און, אַז ער איז הונגעריג געווען, פלעגט ער מאַכען מיט די ליפּען און שווײַגען. אַ רבי'ן אויף שווײַגען, אויף שטילערהײט לײַדען, האָט ער געהאַט קײלע-ריקלען. (מ. מ. ס.).

**14.** זי איז געווען אַ שלאַפע, בלײַך ווי די וואַנד, דער האַלז

געשוואָלען, איין אויער פאַרלייגט, פאַרשטעקט מיט וואַטע. זי פלעגט, נעבעך, איבערטראָגען איהר שמערץ, אויך קעלט, הונגער, זיצענדיג איינגענורעט אין אַ ווינקעל, ווי אַ שטילע טויב, און קוקען מיט אַ פּאָר פערטראַכטע, פאַרפֿלטע אויגען, שאַ, שטיל, נאָר וואס זי פלעגט מיט אַ חארהלען שלינגען די סליונקע און דערביי עפּעס משונה זיך קרימען. דאָס איז געווען אַ קרימען זיך נישט מיט גאַל, מיט בייזקייט אויף די גרויסע יסורים. ניין, דאָס גוטסקייט איז איהר געלעגען אויפ'ן פּנים, דאָס קרימען-זיך האָט בעטייט גאָר פערקעהרט: זי טהוט זיך, נעבעך, אַן אַ כח, נישט אַרויסצווייזען די וועהטיגען מיט אַ הויכען זיפץ, ווען עס גיט איהר אינווענינג אַ צופּ, אַ קלעהם. און איטליכער קרים איהרער האָט אויסגעריסען ביי יענעם אַ שטיק הארץ... אַזאַ רבי קען לערנען שכל, מאַכען וויין, גוט און פרום אַ סך בעסער, ווי אַלע מוסר-ספרים, בעסער ווי יענע נאַרישע חכמים מיט זייערע עסיג-זויערע, לאַקריץ-זיסע שטראָף-רייד. אפילו וואַסקע דער קאָטער (איהר ווייסט דאָך וועמען מען מיינט... יענעם, דאָרט אין קרילאָוו'ס באַסנע) אַ פרעסער, אַ נאַשער, וואָס די נשמה זיינע ליגט איהם נאָר צווישען די טעפּ, אפילו איהם וואָלט אַזאַ רבי צונומען — הלואי ער זאָל אזעלכען נאָר האָבען! — עס וואָלט איהם פערגאַנגען דער חשק צו שמעטענע און שטאַרק צופּריעדען געווען חאָטש מיט זויערמילך. (מ. מ. ס.).

15. הערשעלע איז געווען אַ פערשייט קינד, אַ לעבעדיגס, אַ ריהרענדיגס. קוים האָט ער זיך געשטעלט אויף די פיסלעך, אַ בליק געטאָן אויף גאָט'ס וועלטעלע אַרום איהם, איז דאָס וועלטעלע איהם זעהר שען געפעלען, און ער האָט חשק געהאַט, ווי אַ העזעלע, צו שפּרינגען, צו לעבען. נאָר דאָס לעבען האָט איהם אָנגעקוקט, ווי אַ שטיף-מאַמע, מיט אַ בייז פּנים! תרבות, יונגעלע! לאָז זיך אַ קבצן נישט גלוסטען... דאָס בייזע פינסטערע לעבען האָט איהם אָבגעשטעלט באַלד טאַקי ביים צופיהרען זיך די הענטלעך; איהם געגעבען צו פאַרשטעהן דעם טעם פון נויט, פון הונגער; איהם איינגערעדט אַ סוד, ווער, משטיינס-געזאָגט, ער איז, פון וואַנען, משטיינס-געזאָגט, ער שטאַמט: לויטער אומגליק... און איהם געפרעגט די ערשטע קשיא: „הערשעלע, וואָס איז מיט דיר אַזוינס די שמחה?" הערשעלעס יוגענד איז פערגאַנגען געשווינד אַבגעבליהט ניד, און ער איז קינדרווייז נאָך געוואָרען אַ קליין יודעל: דערשלאָגען, פערטראַכט, מיט אַ פערזאָרגט פּנים און אַלע פּאָסטעטקעס פון אַ גרויסען, בעוויינטען יורען. עס האָט איהם

גאָר געפּעהלט אַ בערדעל. דער יוד האָט אין זיין ביסעל לעבען אויס־צושטעהן אַזוי פיעל מיני צרות און לייד, אַז ס'בלייבט איהם נישט קיין צייט פאַר דער קינדהייט. זי גיט נאָר אויף אַ ווײַלע אַ שיין, ווי די זון אין אַ מאוס'ן ווינטער־טאָג, און פאַרגעהט טאַקי באַלד אין אַ גרויסער לאַנגער, פינסטערער חמאַרע. קוים קריכט דאָס יונגעלע אַרויס פון די וויקעלעך און טהוט זיך אַ שפּיעל, גיט מען איהם אַ חאַפּ צום טייטעל... מען שלעפּט אויף איהם אַרויף דעם יאָך און—וויאָ, וויאָ, יודעל! (מ. מ. ס.).

16. אונזער הערשעלע, וואָס האָט שוין געוואוסט, נעבעך, דעם טעם פון נויט, וואָס דאָס יונגע בלוט זיינס איז נאָך געווען זידיג־הייס, וואָס די דערקוועטשטע נשמה זיינע, אַזוי פריה פאַר דער צייט, האָט זיך, ווי אַ געפאַנגען פייגעלע אין דעם שטייגעל, געשלאָגען, נעבעך, אַרויסצורייסען זיך פון דער קלעהם אין דער פרייער וועלט — ער, הערשעלע, האָט זיך אָנגעחאַפּט אין דער ווינטשפינגערל מיט אַלע זיינע געדאַנקען און עס געגומען אויף זיינע כלים. „כ'לעבען, רבונו של עולם, האָט ער ביי זיך געטראַכט: פאַר וואָס זאָלען טאַקי, גאָר אָהן קאַטאָוועס, יודען, נעבעך, נישט האָבען אַזעלכע מיני ווינשפינגערלעך? פאַר וואָס אַ מאָל, אַז ס'איז געווען דיין גוטער ווילען, האָסט־דו דיינע קינדער ישראל געגעבען מן אין דער מדבר; פייגעלעך, טויבען זענען זיי געפלויגען אין מויל אַריין און פון אַ שטיין האָט זיי געפליייצט וואַסער אויף צו טרינקען! לאָז זיך דאַכטען, אַז היינט זענען יודען אויך אין דער מדבר צווישען שלאַנגען, עקדישען און דעם פיפּערנאָטער."— אַך, ווי שען זיין קינדערשער שכל האָט איהם אויסגעמאָלט אַזאַ פינגערל, וואָס אַז מען זאָגט: „פינגערל, פינגערל! איך ווינטש דאָס, איך ווינטש יענץ", האָט מען דאָס, וועלכעס מען ווינשטט, גאָר אָהן מיה, אָהן קאָפּ־דאַרעניש. אַ תענוג, כ'לעבען! אין מעשה־ביכלעך האָט ער בעגעגענט זעהר פיעל וואונדערלעכע זאַכען, וואָס זענען געשעהען אויף דער וועלט דורך צויבער, דורך שמות און ווינטשפינגערלעך. ער האָט געלייענט, אַ שטייגער, ווי איינער איז אַ מאָל געפלויגען רייטענדיג אויף אַ רוח איבער טאָלען און איבער בערג, איבער וועלדער, איבער פעלדער ביז ער איז געקומען ערגיץ אויף אַ קעמפּע. אויף דער קעמפּע שטעהט אַ בריליאַנטענער שלאָס, אַ פּאַלאַץ מיט הונדערטער חדרים. אַריינקומענ־דיג אין פּאַלאַץ, זעהט ער: גילדענע טישען זענען געגרייט מיט די בעסטע קרעדענצען און מען זעהט נישט קיין לעבעדיגע מענטשען. געהמט דער בחור אַרויס זיין ווינשפינגערל און מאַכט: „פינגערל,

ענגערל! איך וויל עסען, איך וויל טרינקען. דאס וויל איך, יענץ וויל איך, וויל, וויל און וויל". — קומען עס אריין באלד פרינצעסענס, בת-מלכות, איינע פון דער אנדערער שענער, גאר מחיה, איינגעטונקט אין פערעל, אין דימאנטען, אין גאלד, אין זילבער און טהוען זיך א נעהם צום בחור. עס טוט פלוצלים א זעץ א שארפע קאפעליע, מען פיהרט דעם בחור לעבעדיג מיט א מארש אין א מירמעל-שטיינענער באד, וואו ער גלייכט זיך אויס די ביינער. דערנאך הויבט זיך אן א מאהלצייט מיט גילדענע יויך, מיט דעם טייערסטען ראזינקעס-וויין. מיינער איז נישט פויל, עסט טרינקט, טוט זיך וואויל. אזוי נעהט עס ווייטער, ווייטער און ווייטער... דאס ווינטשפינגערל איז איהם, ווי א טשוואק, בעזעסען שטייף אין קאפ; שטענדיג ווענען דעם אלץ געטראכט, און איז איהם אין שלאף אפילו פונ'ם זינען נישט ארויס. (מ. מ. ס.).

**17.** פאראן אלערליי שטעדט אויף דער וועלט. פאראן אויך אזא שטאט, וואס מען רופט זי „כתריליוועקע".

עס געפעלט אייך ניט דער נאמען? מיט וואס איז כתריליוועקע ערגער ווי מאזעפעווקע, זלאדייעווקע, הולייפאלי, מאלאפערשטשעפעני, וועסעליוקוט, פעטשיחוואסט, קאזאדאיעווקע?

איטליכער נאמען האט זיך זיין שורש; איטליכע שטאט האט זיך איהר היסטאריע.

איהר ווילט וויסען די היסטאריע פון כתריליוועקע? זי איז לעת-עתה נאך נישט אפגעדרוקט געווארען אין ערגיץ, און אפזוכען זי אויפ'ם „לאנדקארט" איז אויך נישט גרינג.

זעהט איהר, דעם נאמען כתריליוועקע, אחוץ איהר ווילט וויסען, פון וואנען ער שטאמט — דאס קאן איך אייך דוקא יא זאגען.

ביי אונז אנ'ארעמאן, דאס ווייסט יעדערער, האט יתרו'ם נעהמען: פאראן א געמיינער מאן, און איין ארעמאן, און נעביך, אנ'ארעמאן, און א גרויסער ארעמאן, און א נעפאלענער, א מקבל, א קבצן, א דלות, א דלפן, אנ'עני, און אין עני ואביון. איטליכער פון די דאזיגע אויס-גערעכענטע נעמען ווערט ארויסגערעדט מיט אנ'אנדער מין נגון... און פאראן נאך א נאמען: א כתריאל, אדער א כתריליק. דער דאזיגער נאמען ווערט ארויסגערעדט שוין גאר מיט אנ'אנדער מין נגון, למשל: „אוי בין איך, קיין עין-הרע, א כתריאליק!..." כתריאליק — דאס איז שוין נישט גלאט אזוי א קבצן, א שלים-מזל: דאס איז שוין, פערשטעהט איהר מיך, אזא מין ארעמאן, וואס פעלט נישט, חס ושלום, אראב ביי

זיך מיט זײַן אָרעמקײַט; אדרבה, ס'איז גאָר אַ גדלות! אויף אונזער לשון הײַסט עס „אַנ'אָרעמס און אַ פּרײַלעכס".

אַלע כתריליִווקער יודען זענען, לא־עליכם, גרויסע אביונים טאַקי; נאָר אָט אַזעלכע אָרעמע לײַט, דאָס הײַסט, פּרײַלעכע קבצנים, זײַ האָבען נישט, מעגט איהר מיר גלויבען, ממש מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען; נאָר פון דעסטוועגען איז מען פרײַלעך!

טאָמער ווײַסט איהר, וואָס איז מיט זײַ די גדולה? גאָר נישט, הולי, קבצן!...

וואו געפינט זיך כתריליִווקע, ווילט איהר וויסען?

ווײַט, ערגיץ אין אַ זײַט, פערשטעקט אין אַ ווינקעל, ווײַט פון אַ באַהן, ווײַט פון אַ ים — און מע האָט דערפון קאַרג וואָס יסורים: ווינציגער טאַרעראַם.

אַ צײַט האָט כתריליִווקע גאָר נישט געוואָלט גלויבען, אַז ס'איז ערגיץ פאַראַן אַ באַהן אויף דער וועלט. „ווײַס איך — האָבען זײַ געזאָגט — דאָס האָבען פוסטע מענטשען אויסגעטראַכט..."

ביז ס'איז געקומען אײַנער אַ כתריליִווקער און האָט דערצעהלט, אַז ער איז אַלײַן געפאָהרען מיט'ן באַהן, און געשוואהרען זיך, ער זאָל אַזוי האָבען אַלדעס גוטס! חברה האָבען איהם אויסגעהערט, אויסגעהערט, געזאָגט אַז זײַ גלויבען איהם. עס קאָן זעהר זײַן, פאַרוואָס ניט? זײַ ווײַסען אַז ער וועט פון'ם קאָפּ נישט אויסטראַכטען אַזאַ זאַך, וואָס ניט געשטויגען ניט געפלויגען, נאָר וואָס דען? עס וועט ניט אויסגעהאַלטען ווערען!... און בשעת מעשה האָט מען עפּעס געקוקט אײַנם אויף דאָס אַנדערע און געשמײַכעלט...

וואָס האָט בעדײַט דאָס דאָזיגע שמײַכלען איז שווער צו טרעפען. ווען איך בין מיניסטער, וואָלט איך די לצים אויף צוועצעניש צוגעפיהרט אַ באַהן גלײַך קײַן כתריליִווקע — און לאָזען זײַ וויסען! (ש. ע.).

18. נישטאָ אײַן זאַך אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפון נישט וויסען אין כתריליִווקע; נישטאָ אײַן נײַעס אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפון נישט געוואָהר ווערען אין כתריליִווקע. אמת, אַז עס קומט אָן אַהין, קומט דאָס אָן שוין אַ ביסעל שפּעטלעך און נישט פון דער ערשטער האַנד. נו וואָס זשע איז? אַנ'אומגליק אַ גרויסער, אדרבה, מיר דאַכט, אַז ס'איז גאָר אַ מעלה, די גרעסטע מעלת. וואָרום, צווישען אונז רעדענדיג, וואָס האָבען אַ שטײַגער, די כתריליִווקער יודען צו פערליִערען אַז זײַ וועלען געוואָהר ווערען די הײַנטיגע נײַעסען, די

בשורות טובות, ישועות ו„נחמות״, וואָס לאָזען זיך הערען אויף דער וועלט, חלילה וחס, שפּעטער מיט אַ חודש אָדער מיט צוויי? למאַי וואָס טהוט מען אַז איינער לאָזט זיך אַוועק אין אַ ווייטער מדינה, פערבלאָנ־זעט אין דער מדבר ערגיץ, אָדער אויף אַנ׳אינזעל איינער אַליין, ווערט אָבגעריסען פון דער לעבעדיגער וועלט און ווייסט נישט אַפילו, ווען איז ראש־חודש, ווען געפאַלט פורים און ווען האָבען מיר פסח? אָדער, די שעה זאָל ניט זיין, אַ מענטש ווערט, חלילה, שלאָף, לייגט זיך אַוועק אין בעט אַריין און פערליערט אַלע געדאַנקען? אָדער גלאַט אַזוי, עס מאַכט זיך אַמאָל אַ שטיקעל צייט, וואָס דער קאָפּ איז בּשטיינס־געזאָגט, אַזוי פערדרעהט, אַז איהר ווייסט נישט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט איהר געהט אַרום?

די כּתריליעווקער יודען ווייסען, ברוך השם, קיין מאָל ניט וואו זיי זענען אין דער וועלט; ווען גיט דער לוח, וואָס האַלט זיי אויף די פיס, וואָלטען זיי שוין לאַנג אָנגעשפּאַרט גאָט ווייסט וואו... און וואָס איז דאָס הדוש, אַז מען איז תמיד פערטאַרעראַמט און פערטראָגען אין דאגות־פּרנסה. און דער קאָפּ ליגט אַריינגעטון נאָר אין איין זאַך: „וואו נעמט מען אויף מאָרגען? מיילא, היינטיגען טאָג האָט מען ווי ס׳איז אָבגעשטופּט, וואָס וועט אָבער זיין מאָרגען?״... נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט אייך שוין, דאַכט זיך, ניט זיין קשה, וואָס אין כּתריליעווקע האָט מען דערהערט דאָס וואָרט „ציוניזם״ ערשט העט־העט, ווייס איך ווען. נאָכ׳ן צווייטען יודישען קאָנגרעס, וואָס אין באַזעל. (ש. ע.).

19. שלמה דער גראָבער קאָפּ — אַזוי האָט איהם חנה לאה, זיין ווייב, אַ צונאָמען נעגעבען, ווייל פרייטאָג פאַרנאַכט, ווען יודען געהען שוין אין שוהל אַריין, נעהמט ער מיט זיינע צוויי בנים ערשט דעם טאָפּ צימעס צווישען די פיס אַריין, און אַלע דריי מיט די קעכער־לעפעל אין די הענד און מיט רויטע דערהיצטע פּנים׳ער, ווי די טערקען, רייבען לעפעל איין און לעפעל אויס אין די „פּיסקעס״ אַריין, ביז עס בלייבט קיין שריד ופליט נישט איבער פאַר חנה לאה׳ס וועגען אויף שבת אין דער פריה — אָט דער „שלמה דער גראָבער קאָפּ״ נעהמט זיך זונטאָג בעגינען דאָס זעקעל מיט דעם שטעקעל אין האַנד אַריין — ער האָט זיך די נעגעל אַפילו נישט אָבגעגאָסען — און מאַרש אין דאָרף אַריין, ער מיט׳ן יונגערן זוהן, משה׳לע ברוטאַן; דעם עלטערן, פּנחס׳לען, האָט ער מורא צו טשעפּען. ווי אַנ׳אמת׳ער „סאָלדאַט״, (די מוטער רופט איהם טאַקי „זעלנערטשיק״) ליגט ער זיך אויסגעלייגט אויף זיין

טאַפּטשאַן פון לאָקשען־ברעטער אויף שטולען מיט מולטערס צוקאָפּענס און מאַכט פול מיט זײַן חראָפּען דאָס קלײנע שטיבעל מיט די גראָהע ווענד, ליגענדיג מיט די נאָזלעכער צום בעליק אָנגעשטעלט און מיט די גאַקעטע עלענבויגען פערוואָרפען אונטער'ן קאָפּ.

— זאָל ער שלאָפען, דער יונג — גיט שלמה צום יונגערן זוהן אַ זאָג, אויף די שביץ ניגעל צולײגענדיג אַ פינגער צום מויל, ווי אײנער רעדט: „האָב איהם אַ שוואַרץ יאָהר, און לאָמיר זיך אַרויסמאַכען און אַנטלויפען אין דאָרף אַרײַן, וועסט דו האָבען דאָס „אָנרײַסעניש"...

און מען גנב'עט זיך שטיל מיט דעם זעקעל אויף די פּלײצעס און מיט דעם שטעקען אונטער'ן אָרים פון שטוב אַרויס, אַז חנה לאה אין דעם ווײַסען שלאָף־קופּקעל, וואָס ליגט דאָרט בעגראָבען מיט'ן קאָפּ אין קישען אַרײַן, הויבט גאָר ניט אָן צו הערען אפילו דעם סקריפּ פון דער טיר, ווען איהרע צוויי פּרנסה־געבערס שאַרען זיך אַרויס אין דרויסען.

אין שטוב ווערט שטיל. דער ווײַסלעכער טאָג לײַכט שוין דורכ'ן פענסטער אַרײַן און ווײַסט דאָס שטיבעל אויס. נור שלמה מיט דעם זוהן זענען שוין אַצונד צוויי פרײַע פײגעל.

„זעהסט טאַטע", ווײַזט איהם משה'לע ברוטאַן אַ צוקאַליעטשעטען באָרוויסען פוס, הויבענדיג איהם אין דער הויך און אונטערטאַנצענדיג דערווײַל אויפ'ן צווײטען: „זעהסט, דאָס האָב איך מיר אָן אַ שטײן אָבגעכמאַלעט", ער ווײַזט איהם אַ רויטע וואונד פון רוי־פלײש אויף אַ שוואַרצען פערבלאָטיגטען פוס".

„אַ כפּרה פאַר אַ הונד!" ענטפערט איהם דער טאַטע מיט אַ זײַטיגען קוק: „איך קען אויף אײַך מײַן קאָפּ ניט אַרויפזעצען, יונגען זאָלען זיך טאָג און נאַכט אַרומיאָגען". (וו.)

20. דער זײדע רב מאיר איז דער גרעסטער גביר פון שטאָט. ער זיצט ווי אַ מאָנאַרך, אַ גרויסע זאַל מיט אַ גרויסען זילבערנעם הענג־לײַכטער, וואָס הענגט אַראָב פון דער מיט סטעלי, טאַמביקענע העסעס אויף די ווענד, אַ גרויסע שווערע זילבערנע מנורה אויפ'ם טיש מיט אַ סך זילבערנע לײַכטער, וואָס די באָבע נחמה נעמט זי אַרויס נאָר צוויי מאָל אין יאָהר: פּסח צום סדר און פּורים צו דער סעודה. און עס ווערט ליכטיג אין אַלע ווינקעלעך.

גאַנץ אויבען אָן, אויף אַ גרויסען שטוהל מיט גרינס בעצוינגען זיצט דער זײדע רב מאיר אַלײן, — אַ קלײן יודעל, מיט

בערדעל, מיט אַ ביסעל אַנ׳אויסגעבּויגענער נאָז מיט זילבּערנע האָר און מיט שוואַרצע יונגע אויגען. אָנגעטון געהט ער אין אַ לאַנגע זיידענע קאַפּאָטע מיט אַ געפלאָכטענעם גאַרטעל און מיט אַ שטריימעל אויף׳ם קאָפּ. אַקעגען איהם אויף׳ם טיש זיצט אַ גרויסער, אַ מורא׳דיגער אַ געפלאָכטענער פּורים-קוילעטש, אַנ׳אָנגעהויבּענער שוין, מיט זאַפראַן פאַרגעלט און מיט ראָזינקעס ארומגעשטעקט.

פּונקט אין מיטען טיש זיצט די באָבּע נחמה, אַ הויכע יודענע, נאָך גאָר אַ שענע, אויסגעפּוצט אין אַ גאָלדפאַרבּיג זיידען קלייד מיט ווייסע עפּעל, מיט אַ שטערנטיכעל פון דימאַנטען מיט בּריליאַנטען, מיט רייכע פּערעל אויף׳ם האַלז, מיט אויערינגלעך און מיט פינגערלעך. נעבּען איהר שטעהט אַ גאַנץ גרויסער פּאַלומעסיק מיט הייסע, שמע-קענדיגע, געציקערטע און געפּעפערטע פיש, פערפראַוועט מיט ציבּעלעס, מיט ראָזינקעס און מיט אַלערליי געווירצען. די באָבּע טיילט אַרוים די פיש. די שענע זיידענע פּעטשיילע פערקאַטשעט אונטער די אויערען מיק צוויי שפּיצען, די דיאַמענטען מיט די בּריליאַנטען בשעת מעשה פונקלען און שעמערירען, און דאָס פּנים שיינט און שמייכעלט.

אַרום און אַרום טיש פון ביידע זייטען זיצען די פעטערס מיט די מומעס, אַלע מיט זייערע קינדער, יונגלעך און מיידלעך, וואָס הייסען אַלע נאָך אַלץ איינע זיידעס און באָבּעס. פעטערס און מומעס. פריהער דער פעטער צדוק און די מומע צביה מיט דריי יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע און צוויי מיידלעך: שרה׳לע, פייגעלע; נאָכדעם דער פעטער נפתלי און די מומע דבורה׳ל מיט פיער יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלי און דריי מיידלעך: שרה׳לע, פייגעלע, רחל׳ע; נאָכדעם דער פעטער אברהם און די מומע סאָסע מיט פינף יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע און פיער מיידלעך: שרה׳לע, פייגעלע רחל׳ע, טייבּעלע; נאָכדעם דער פעטער בעריש און די מומע אסתר׳ל מיט זעכס יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע און פינף מיידלעך: שרה׳לע, פייגעלע, רחל׳ע, טייבּעלע און חנצי; נאָכדעם דער פעטער בנימין און די מומע לאה מיט זיבּען יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, שמואליקעל און זעכס מיידלעך, שרה׳לע, פייגעלע, רחל׳ע, טייבּעלע, חאַנצע און גנענדעל; נאָכדעם דער פעטער קלמן און די מומע איטעל, מיט אַכט יונגלעך...

נאָר אפשר וואָלט געווען גענוג אויסרעכענען די משפחה? עס קען זאָגט מען, שאַדען... דער זיידע האָט אַמאָל געוואָלט אויף אַ ציקאַוועסט איבערצעהלען וויפיעל פאַרשוין זיצען ביים טיש, האָט ער גענומען אַ זילבערנעם בעכער אין האַנד און האָט אָנגעהויבען צו צעהלען: „ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי, ניט פיער, ניט פינף, ניט זעכס, ניט זיבען"... האָט די באָבע אויסגעריסען ביי איהם דעם בעכער פון האַנד און האָט איהם ניט געלאָזט צעהלען ווייטער: „אויף מיינע שונאים'ס קעפּ! וואָס צעהלסט דו וואָס? פאַראַן, קיין עין הרע, גענוג טעלער!"... (ש. ע.).